דאָבקע
אַפּעלאָוויטש

# זאַמלונג

פּאָעמעס, דערציילונגען, לידער, מוזיק

# אינהאַלט



## לידער און פּאָעמעס



## קינדער-לידער

באַלאַדע, שפּיל

## טענער פֿון גרויל און בענקשאַפֿט



## דערציילונגען

לעבן, ליבע, אומקום



## דראַמעס

## פאָרוואָרט

דאָבקע נאָטאָוויטש-אַפּעלאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין ביאַליסטאָק. (פּוילן) ווען זי איז נאָך געווען אַן עופעלע, איז איר פאָטער איצל נאָטאָוויטש געשטאָרבן. די מוטער שיינע-רייזל אַן אַקטיווע בונדיסטקע, האָט געאַרבעט אין אַ טעקסטיל-פאַבריק. זי האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט, כּדי אירע צוויי טעכטער, זאָלן באַקומען אַ געהעריקע אויסשולונג. די "פּרץ"-שול אין ביאַליסטאָק, איז געווען דאָבקעס צווייטע היים. דאַנאָך, איז איר האַרץ נישט געווען אין דער "אָרט-שול", וואו זי האָט דורכגעמאַכט, אַ דריי-יאָריקן קורס, ווײַל פון קינדווײַז אָן האָט זי געשטרעבט צו זײַן אַ קראַנקן-שוועסטער.

דאָבקע האָט איבערגעלעבט דעם חורבן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן און באַפרײַט געוואָרן אין בערגען-בעלזען. דאָרט האָט זי באַגעגנט דעם פּיאָטרקאָווער בונדיסט און ביבליאָטעקאַר – מאָטל אַפּעלאָוויטש. אַזוי ווי זי האָט איר קינדהײַט און יוגנט פאַרבראַכט אין "סקיפּ" און "צוקונפט", האָט זי געטרויט מאָטלען און זיי האָבן פון יאָר 1945, געוואַנדערט צוזאַמען. אין בריסל (בעלגיע) איז אין אַפּריל 1947 געבוירן געוואָרן זייער זון איצל. ערשט דעמאָלט, האָט דאָס איבערלעבן דעם חורבן, באַקומען סימנים פון אַ זין...

אין יאָר 1948, האָט דער באַרימטער בונדישער טוער י. וואַקס, אַריבערגענומען די אַפּעלאָוויטשעס קײַן אויסטראַליע, וואו זיי האָבן אויפגעבויט זייער נײַע היים. דאָבקע האָט אַלס יונגע קינד אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו שרײַבן. גלײַך נאָך דער באַפרײַונג אין בערגען-בעלזען, האָט זי אומגעזאַמט דערגרייכט אַ פעדער און פּאַפּיר. זינט דעמאָלט איז איר דראַנג און ליבע צו שרײַבן, געוואַקסן.

גלײַכצײַטיק האָט זי דערפילט – אַ מאַנגל אין העכערע בילדונג, אין אַ ברייטערן זין פון וואָרט, וואָס האָט איר אָפּט געהאַמעוועט. לײַדער האָט זי די שוועריקײַטן נישט געהאַט קײַן מעגלעכקײַט בײַצוקומען. פיל סיבות זײַנען גורם געווען, אַז די דאָזיקע זאַמלונג זאָל דערשײַנען מיט אַ פאַרשפּעטיקונג.

אַרויסגעבער

## מתוודה... און דאַנקזאָגונג

מײַן גאַנץ באַוואוסטזיניק לעבן, בין איך געווען און פאַרבליבן אַ צווייפלער. קיינמאָל נישט געווען זיכער, צי מײַנע שריפטן זײַנען באמת גוט. דער פּאַראַדאָקס דערבײַ איז, אַז איך אַרבעט מיט גרויס ענטוזיאַזם און בין אַפילו בונטאַריש געשטימט. איך בין זיך מתוודה, אַז ווען נישט מײַן געטרײַער זון איצל, וועלכער איז פאַרליבט אין יידיש, וואָלט די דאָזיקע זאַמלונג נישט אָנגעזען די ליכטיקע שײַן. זײַן אָנערקענונג פאַר מײַן אַרבעט, האָט מיר צוגעגעבן מוט און כּוח. איז ווי אַזוי זאָל איך אים דאַנקען?... איך וויל אויסטיילן אַ גרופּע – מײַנע יונגע און עלטערע פרײַנד – אין מעלבורן און אין אויסלאַנד, וועלכע זײַנען נישט מיד געוואָרן מיר צו מאָנען און דערמאָנען... איך דאַנק אײַך יעדערן באַזונדער.

ד.אַ.

# באַלזאַם

געעפנט האָב איך מײַנע אויגן, אין דעם אומבאַקאַנטן הײַנט,
און דורך די שטומע שויבן צו דער ליכט אַרויסגעבליקט;
דאָרט וואו בלאָ און גרין, צעקושן זיך ווי פרײַנד,
ווען דער פרילינג האָט קאָקעטיש, שוין דעם ווינטער אָפּגעשיקט.

דער זעלבער קאַשטאַן-בוים צעבליט זיך, ציט זיך אויס אין רוים,
צעטראָגט זיך, דורך זײַן שטאָלצער קרוין, אַ זײַדן זשום...
אַ יונגער, שיינער קאָפּ אַנטפּלעקט זיך, וואַרעם ווי אין טרוים;
מיט צעקוועלטע אויגן, ליובעט מיך און דעם אַרום...

עס איז מײַן יונגער פרײַנד, אַנטקעגן מיר געקומען
און קוקט מיט נײַגער, אויף מײַן געפּאַלדעוועט געזיכט;
די גוטע בליקן – ממשותדיקע בלומען,
וואָס דופטן אויס מיט שטראָמען אינערלעכע ליכט...

באַלזאַם... איז אויב די וועלט, ווי נאָר זי זאָל נישט זײַן,
נעמט ווידער מיך אַרום; אַרײַן אין אירע פאַלדן מיט די זאָרגן,
און לאָזט מיך זען און פילן זיך אַליין,
ווער איך אויך געשטאַרקט, צו וועלן ווידער אַ פרימאָרגן.

## שומרים

ווען דער פרימאָרגן אַנטבלויזט די פּראַכט און כּישוף,
אַנטפּלעקט דער הימל זיך ווי מיליאָנען כּלות אײַנגעשלייערט,
אין דורכזיכטיקן טיול, פון טרוים אומשולדיקן...
דאַן שפּילט אויס די פּאַנאַראַמע, אין שלווה מיט זיך אַליין,
די ערלעכע סימפּאָניע צום לעבן...
נאָר ווען דער זעלביקער פרימאָרגן אַנטבלויזט די ערד;
און דער פרישער טוי מישט אויס זיך מיטן אָטעם,
פון אַלץ וואָס לעבט און שאַפט;
ווען דער האַסטיקער געראַנגל הויבט זיך אָן,
וואו ס'דרייט זיך אין ווירוואַר די ראָד די מעכטיקע,
שטייען שומרים גרייט אין דעם געדיכטן, פײַכטן רויך
צו טרײַבן און צו היטן דעם געשפּאַן,
ווי אין די טעג די נעכטיקע...

## דער כּישוף

פֿאַרנאַכט.
די זון – אַ צונטער רויטע, צעפּיקט זיך אין בלאָען רוים;
אַ מעווע ציטערט בײַ דעם ראַנד פֿון ים, אַליין...
אַ דעלפֿין – שווימט מיט גראַציע-שוואונג אַרום
און טאַנצט זײַן סאָלאָ אויס, מיט חכמה און מיט חן...
די מעווע שטייט.
„העי, העי!" טוט אַ פּליעסק דער דעלפֿין צו דער מעווע:
„ביסטו פֿאַרגליווערט? טיוואָס פֿאַרלאָפֿן מיט דײַן גוף דעם מידן?
שעם זיך נישט; נישט האָב פֿאַר מיר קײַן מורא... רעווע!
וועט דאָס בלוט דײַנס ווידער אפשר נעמען זידן".
די מעווע שטייט.
דער דעלפֿין מאַכט אַ קאַזשאַליק און פּליעסקעט ווידער אויס:
„דאָס וואַסער, אַ מחיה... אַ נו קום, טונק די פֿיסלעך אײַן"...
דערויף – האָט די מעווע זיך צערעוועט : „אָך און וויי...
כ'קען נישט פֿליען מער און אַפֿילו אויך נישט גיין...
באַגינען, האָט אַ דעלפֿין פּונקט ווי דו, מיך אָפּגעסמט...
בלויז איין קרישקעלע פֿאַרזוכט און כ'בין פֿאַרבײַ...
עפּעס שלעכטס געווען באַשערט מיר, בלײַבן ווי געליימט...
געמיינט האָב איך, אַז ווער ס'איז קלוג – במילא, איז געטרײַ"...
„העי, העי מעווע, ביסט נישט פֿאַרסמט", פּאַטשט דער דעלפֿין אויס:
„דו ביסט פֿאַרגאַפֿט; באַרוישט ביסטו... דו האָסט דעם פּרינץ געטרויט;
מיט אַ קרישקע פֿון זײַן כּישוף, ווי אַ שטויבעלע די גרויס,
האָסטו מעוועלע, פֿאַרדאָרבן זיך און שיער געפֿאַלן טויט...

איצט קוק און זע, ווי זאַט די זון פֿאַרגייט אין גלי...
זי נעמט פֿון טאָג דעם גאַנצן כּישוף מיט זיך מיט...
פֿאַרגעס דעם קלוגן דעלפֿין-פּרינץ און טו א פֿלי;
צעשפּרייט די פֿליגלען און צי אַהין, וואו כּישוף בליט"...

די זון – גייט לאַנגזאַם אונטער און פאַרגייט;
די מעווע – פליט אַרויף און שטעלט זיך אויף אַ דאַך;
דער דעלפין – מעדיטירט אין ים, מיט זיך אַליין,
די לבנה אויך אַליין – שענקט איר קאַלטן לאַך...

# כיהאָב דיך האָלט

ווען צווישן מײַנע ווענט עס ווערט מיך ענג און באַנג;
ווען אַ שווערע מאַסע – שוואַרץ ווי קויל, אויף מיר עס דריקט,
רײַס איך זיך אַרויס אין דרויסן – צום געזאַנג,
וואָס ווירבלט אין דער לופט – וואו צויבער ליגט.

איך זוך אַ רעטונג – בײַם צעשוימטן ים,
וואו געשיקט און שטאָלץ די מעוועס פּאַראַדירן;
וואו אַ דינטשיק פּליעסקען, אַ שושקען סתּם,
שטראָלט טיף אַרײַן אין מיר – דורך די געהירן...

דו ראַטעוועסט מיך ים – צעברויזטער פּראַכט...
דו שרעקסט מיך נישט; איך האָב דיך האָלט;
ביסט נישט דער טיגער, וועלכער וואַכט,
אײַנצושלינגען סירויב זײַנס קאַלט.

דו פּאַרצוקסט נישט ים, דו שימערסט,
אײַ, ווען עמעץ וויל דײַן טיפסטן סוד דערגרײַכן;
גייט דורך דײַנע פלאַכן טיף – און זוכט און נישטערט...
דאַן איז נישט דײַן שולד, חלילה,
אויב עס בלײַבט פון יענעם נישט קײַן צייכן...

## איך וויל מיט געדולד, ווידער וואַרטן אויף דיר...
(האַרבסט)

הײַנט איז די זון נישט פאַרגאַנגען אין פלאַם,
נאָר גלאַט זיך צעשמאָלצן — ווי אַ מאַמע אויס נחת;
אין זעלביקן טאָן; מיטן האַרבסטיקן טעם,
מיט די גאָלדענע פאַרבן, טיזי געשלאָסן יד-אַחת...
און נישט בלויז די זון — דער גאַנצער אַרום,
איז פול מיט אַ שאָרכן וואו אַלץ האָט אַ מיין,
איך פיל ניט דעם אומעט, ווײַל סירופט עפּעס: קום
און זע ווי דער כּישוף, זיך ענדערט מיט חן...

**רעפריין:** קום, קום, קום. קום, קום, קום,
און זע ווי דער כּישוף זיך ענדערט מיט חן...

כ׳גיי אין אָפענעם פּאַרק; אין דעם האַרבסטיקן זשום,
מײַנע פיס מיט די בלעטער, זיי פלירטעווען פרײַ;
יעדן בוים מײַנע אָרעמס — עס האַלדזן אַרום,
און זיס ווערט מײַן בענקשאַפט — אַזוי ווי אין מאַי...
ביסט האַרבסט אַ בת-מלכּה — איינע פון פיר,
אַנטפּלעקסט זיך אין יעדן ניואַנס — צײַטיק שיין,
איך וויל מיט געדולד — ווידער וואַרטן אויף דיר,
און זען ווי דער כּישוף, זיך ענדערט מיט חן...

**רעפריין:** קום, קום, קום. קום, קום, קום...
און זע ווי דער כּישוף זיך ענדערט מיט חן...

# איך וויל מיט געדולד ווידער וואַרטן אויף דיר

ווערטער און מוזיק
דאַבקע אַפּעלאַוויטש

Moderato

Dm F Gm A

נאַר פלאַם אין גען גאַנ פאַר נישט זון די איז המנט

Dm Gm Dm

אין פּעס אויס מע מאַ א ווי שמאַלצן צע זיק גלאַט

6/8 Gm Dm

די מיט טעם ן זיק האַרבסט ן מיט טאַן ן ביק זעל

A Dm A7

חת דאַ י סן שלאַ גע צו בן פאַר ע דען גאַל

4/4 Dm Gm

איז רום אַ צער גאַנ דער זון די בלויז נישט און

C F

איך מיין אַ האַט אלץ וואו כן שאַר אַ מיט פול

Gm Dm

און קום עס עפּ סירופּט ווײל עט אומ דעם נישט פּיל

## פרײַ אין די בערג

פיר שעה פון מײַן הײַנטיקן טאָג,
דערפילט כ'האָב זיך פרײַ;
געטאָן אין די בערג זיך אַ טראָג,
ווײַט פון שטאָל און פון בלײַ;
וואו ס'האָט אַ זילבערנער שלייער געטאַנצט,
אויסגעחנדלט אַ פלירט מיט דער זון
און די זון — מיט איר אייביקן גלאַנץ,
האָט באַהעלט דעם אָרום.

געוואָלט וואָלט איך ווענען דערקלערן;
איבערגעבן דעם טעם פונעם ציטער,
וואָס נאָר אַ נשמה קען הערן,
פון צויבער דעם דיניטשקן פלאַטער...
דערפילט כ'האָב אַ זין אין דעם וואַנדער;
אַ ציל אַ באַשטימטן דערגרייכן,
מיט דעם שפּיץ פונעם באַרג זיך באַהעפטן
און אויסגלײַכן זיך מיט די הייכן...

אַלץ העכער מיר שטײַגן — דערגרײַכט!...
נאָר דער ציל מיטן זין — אויסגערונען;
אַ קינדעריש לאַכן באַפּאַלט אונדז,
אַ פאַרלאַנג האָט אַ תּיקון געפונען...
פיר שעה פון מײַן הײַנטיקן טאָג,
אַוועק נישט לאיבוד;
זיי האָבן אין מיר זיך באַזעצט,
פון באַשאַף — ווי אַ זאַפּטיקער כּיבוד.

## סאָנעט צו אַ טרוימער

אַ יונגע פֿול-בלוטיקע עלטער,
ציט זיך מיט לוסט דורכן לעבן;
אַזוי ווי אַ ריטער באַצויבערט,
רײַט דורך פֿאַרפּישופּטע וועגן.

איין מינוט פּונים לעבן – ז׳אַן אוצר;
אַ שטראַל פֿון דער זון, איז זײַן האַר,
ווער קען עס פֿאַרשטיין אַזאַ פֿויגל,
וואָס טריליעט אַפֿילו אין צער...

פֿריש ווי אַ קוואַל – זײַן מחשבה;
הייס-בלוט אין די אָדערן פֿליסט,
אַזוי ווי אַ שטראָם דורך אַ וועלדל
יאָגט זיך מיט אימפּעט און גלוסט.

איין מינוט פּונים לעבן – ז׳אַן אוצר;
אַ שטראַל פֿון דער זון איז זײַן האַר.

## אַ באַשיידענער פאַרלאַנג

„פאַרגעס מיך נישט“ – אַ נאָמען פון אַ בלום;
– פאַרגעס מיך נישט – מײַן פרײַנדס אַ פשוטער פאַרלאַנג;
– פאַרגעס מיך נישט – אַן עכאָ בלאָנקעט זיך אַרום,
– פאַרגעס מיך נישט – שפּילט אויס דער פאַסטעך זײַן געזאַנג.

דער באַגער זיבאַפליגלט, מיט אַ קלאָרן זין,
נאָך האַפטיקער געדעכעניש, לעכצט איעדעס לעבן;
עס נאָגט, עס ציט בײַם האַרצן – פײַן און דין,
אַ דראַנג, אַז עמעץ זאָל אַן אָנשפּאַר געבן...

– פאַרגעס מיך נישט – זיך בעט אַ מאַמע בײַ איר קינד;
– פאַרגעס מיך נישט – צאַנקט אַ זעלנער אויפֿן פראָנט.
– פאַרגעס מיך נישט – ווען כ׳דאַרף דײַן מידע האַנט;
– פאַרגעס מיך נישט – מײַן פרײַנדס אַ פשוטער פאַרלאַנג...

## די אָזערע

צופוסנס פון אַ קרענצל בערגלעך נאַקעטע,
מיט שטויביק, מדברדיקן זאַמד באַדעקט,
ליגט אויסגעשפּרייט אַן אָזערע געמיטלעך,
נישט זי פּליעסקעט, נישט זי וועמען וועקט.

אין דער טיף – די געסט אירע און אײַנוואוינער,
גייען זייער גאַנג, און זענען זיך אַליין מכבד;
זיי עסן און זיי פּאָרן זיך, מיט גרויס הנאה;
אָן קלאָפּאָט חיונה, גיבן זיי דער אָזערע אָפּ כּבוד.

די אָזערע, הגם זי פילט זיך ווי אַ צודעק צו באַשיצן,
דאָך שפּיגלט זי אַליין זיך אײַן אין אירע קאַרבן,
און האָט געגנוס פון עכאָס, ברענגענדיק איר גרוסן,
וועגן צויבערדיקן פּראַכט פון אירע פאַרבן...

אָ, יאָ, זי איז אַ מבין אויף די ווערטן אירע;
דערוואַרט פון קיינעם קײַן דאַנק נישט און קײַן רויזן;
אָבער, שטיינדלעך, וואָלט זי אויך נישט וועלן...
שלווה וויל זי דאָ צופוסנס, וואו באַשערט איר איז צו הויזן.

אײַ אַ שטורעם; אַ געוויטער, אָדער גאָר אַ חמימה?!...
דערמיט קײַן עצה קען זיך קיינער אין דער וועלט נישט געבן...
דערווײַל איז גוט, אַ צווייטנס דורשט צו שטילן,
און לאָזן פרײַ אויף זיך חלומות שוועבן...

# אַ סקעטש

(געווידמעט מײַנע קינדער)

אַ טאַטע, אַ מאַמע; אַ טאָכטער, אַ זון;
אַ הונט, אַ קאַץ – מיט טעכטער צוויי;
פענצטער ברייט, צו ליכט און רוים,
אַלץ צוזאַמען – אין גערדריי...

אַ הויז – אַ היים – אַ נעסט – פון זון;
שטראַלן – מאָלן צאַרט געטרײַ,
לילאַ-ראָז, געל-בלוי און גרין,
אין איינעם טאַנצן, פראַנק און פרײַ.

פינגער לויפן אַ גאַלאָפּ,
אויף קלאַווישן – שוואַרץ און ווײַס,
מיט געלעכטער און געזאַנג,
שפּרודלען אַלע – קליין און גרויס.

אין גערדריי אויך אַ געשריי;
גלאַט אַזוי, אַ קריגערײַ...
וועבט ס'לעבן אײַן, דעם לאַד און וויין,
ווי קיינמאָל גאַרנישט – אויף דאָס נײַ...

די טירן שטייען אָפן ברייט,
ווי אָרעמס פון אַ גוטן פרײַנד;
די ווענט – זיי אָטעמען אַרויס,
אַ וואַרעמקײַט, וואָס שײַנט...

אַ לעבן קאָכט, אַ לעבן זידט,
מיט יונגן צאַפּל, פּריש ווי מאַי,
דופטן, ריחות אַלערליי,
אַלץ צוזאַמען – אין געדריי...

אַ מאַן, אַ פרוי, מיט קינדער צוויי;
אַ קאַץ מיט טעכטער צוויי; אַ הונט,
אַלץ אין איינעם אין געדריי,
א לעבן פול, א לעבן בונט.

## עלנט

אויף אַ שטול ביים פענצטער, זיצט אַ פרוי
און רעדן רעדט זי ווי צו זיך אַליין;
די לבנה – קאַלעכדיק, ווי דורך אַ דינעם טיול.
אין קליינעם צימער, בליקט זי קאַלט אַריין.

דער צימער – אָנגעפּראָפּט מיט חפצים פיל,
געצערטלט האָבן, קענטיק, ווייכע הענט;
זינט יאָרן לאַנג שטייט אַלץ דאָ, טויב און שטיל;
אַ לעבן עלנט – אָטעמט פון די גרויע ווענט.

די נאַכט איז טונקל; בענקשאַפט שוועבט אַרום...
די פרוי זי הערט זיך צו צום גרילן פון אַ גריל,
וועלכער זאָגט נביאות אַקראָבאַטיש-פרום,
אַז מאָרגן וועט די זון אויך שענקען אוצרות פיל...

טאַקע נישט קיין יש – אַ פריינד אַ גריל,
דאָך, מיט אומגעדולד זי וואַרט אים אָפּ,
קוים פאַרזאַמט ער, ווערט איר אומעט שווערער,
ווי אַ געדיכטער שלייער, לאָזט ער זיך אויף איר אַראָפּ.

די גריל, גרילט נאָכאַנאַנד – אין זעלבן טאָן;
די פרוי בײַם פענצטער, אויף אַ שטול זי זיצט
און וואַרט שוין, אויפן סאַמע ערשטן קריי פון האָן;
דער זייגער טיקעט, אויכעט מאָנאָטאָן...

## די ווינט-מיל

אויף אַ פאַרוואָרפן פעלד, וואָס איז פאַרפּלייצט געווען,
מיט בוראַקעס און קעפּלעך קרויט,
איז געשטאַנען פון קדמונים אָן אַ ווינט-מיל.
די פלאַכן פון די פליגלען – צעקנודערט ווי אַ זקנה'ס הויט –
געשטאַנען איז זי גראָד און שטיל.
די פרײַנד אירע, די שוואַלבן, טרילערס און די קראָען,
זײַנען מחנותווײַז געקומען גלעטן,
און הוידען זיך אויף ראַנרן פון די פליגלען שעהן;
געוואַרט זיי האָבן, אויף אַ פולן דריי...
נאָר נישט געהאָלפן טײַזייער בעטן.
זי שטייט פאַרגליווערט, קײַן ריר נישט, קײַן באַוועג.
נישט קײַן סוד, אַז אין סאַמע קנופּ פון אירע פליגלען,
האָט זשאַווער זיך צום אײַזן צוגעכאַפּט;
פונ'ם חושך אויסגעשטריקט פאַר זיך דאָרט ריגלען;
לאַנגזאַם אין דער טיף, געמאַכט פאַר זיך אַ סטעשקע...
נו, דער זשאַווער – איז אויף יאָרן שוין פאַרזאָרגט מיט שפּײַז,
נאָר דאָס לעבן פון דער מיל, טײַער נישט ווילנדיק פאַרשניטן;
אָפּגעסמט דאָס אינגעווייד, לאַנגזאַם שפּרײַז נאָך שפּרײַז...
אויס ווירבלען; זיך אָפּגעשטעלט דאָס מאָלן, אויס...
– און דער מילנער, ווי דערציילט עס האָט דער שכן,
איז אין אַ שיינעם, העלן טאָג פאַרשוואונדן.
געזוכט האָט מען אים לאַנגע וואָכן,
נאָר אומזיסט... געווען איז ער אַ מענטש אַליין;
אַן עלנטע נשמה – דאָך "פאַרדינט" האָט ער זיך קינאה
נישט פאַרגונען האט מען אים דאָס גליק,
צו קענען זײַן מיט ווייניק וואָס צופרידן;
פאַר קענען ליבן: סיקאָרן, זאַנגען גאָלדענע אין פעלד;
פאַר קענען זען – דאָס טײַערסטע –
וואָס קאָסט גראַדע נישט קײַן געלט...

## גײַסטער

(אַ ווינקל אין ישראל וואו פיר גאַסן אויף פאָלגנדע נעמען,
קרײַצן זיך: זשאָן-זשאָרעס, עמיל זאָלאַ, בײַראָן, קאַראָלענקאָ)

דאָס ווינקל וואו מײַן דירה שטייט,
איז בּכבודיק באַקרוינט,
מיט נעמען וועלכע זאָגן קלאָר,
פאַרגיסן בלוט — נישט לוינט.

כ׳זע די נעמען — שוואַרץ אויף ווײַס;
די מענטשן — לאַנג אַוועק,
געלאָזט דעם טרוים, זיי האָבן פרײַ,
צו וואַנדערן — אין שרעק...

שטייט דאָס ווינקל האַרט בײַם ים,
אײַנגעהילט אין בלוי;
ס׳גייט דער זומער באַלד אַוועק,
אין האַרצן ווערט שוין גרוי...

נאָר די נעמען פינקלען שטיל,
דערמאָנען עפּעס וואָס;
אַ טרוים פון יושר שוועבט אַרום,
אַ חלום, גוט פאַר חצות...

כ׳זאָג דעם ווינקל שטיל-אַדיע,
תּל-אביב איז טאַקע שיין,
דו, ביסט מיר אַרײַן אין אויג,
מיט דײַן באַזונדער חן...

בלויז איין בקשה, כ׳האָב צו דיר,
וואָס קען איך מערער טאָן,
ווי בעטן – היט דעם טרוים וואָס שוועבט,
ווײַל צופיל שטייט אין קאָן...

תּל-אביב 1986

## מוזיק – מוזיק

פון אַ פענצטער – ברייט צעעפנט,
ווי פון אַ קוואַל, וואָס ריזלט קלאָר,
האָבן קלאַנגען זיך צעטראָגן;
זיך צעזייט אין רוים מיט גלאָר...

צו אַ ים-ברעג זיך דערקײַקלט,
וואו די זון פאַרגייט אין פלאַם;
וואו אַ נעגער-מאַן אַ שלאַנקער,
טיאָפּגעשפּיגלט זיך אין ים.

אָט דער שוואַרצער מאַיעסטעט,
כאַפּט דעם קלאַנגען-ציטער אויף
און צום טאַקט מיט דינע פינגער,
פון זײַן פלייט ער ווײנט אַרויס.

ס׳וווערט פאַרוויקלט ווי אין אומעט,
ליבע זײַנס, צום קלאַנג-מוזיק,
וואָס ער הייליק האַלט דערהויבן
און ער שפּילט גראַציעז מיט שיק...

עס פאַרשווינרט פון זײַנע אויגן,
אַלץ וואָס רינגלט אים אַרום
און ער פילט – ער שוועבט אין גליק אום,
מוזיק – מוזיק – דעם נעגערס רום...

# מוזיק – מוזיק

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

Allegretto

אַ פון ווי נט עפ צע ברייט טער פענצ אַ פון

צע זיך גען קלאַנ בן האָ קלאַר לט ריז וואַס קוואַל

דער זיך ברעג ים אַ צו גלאַר מיט רוים אין זייט צע זיך גן טראַ

אַ מאַן גער נע אַ וואו פלאַס אין גייט פאַר זון די וואו קלט קע

אַ מאַן גער נע אַ וואו ים אין זיך גלט שפי גע טיאַפ קער שלאַנ

ים אין זיך גלט שפי גע טיאַפ קער שלאַנ

## דירה-געלט

איך ווייס אַליין נישט צי אין חלום אָדער וואָר,
בין איך אָפּט מקנא גאָר דעם בוים,
אַ סאָסנע, וועלכע שטייט בײַם וועג אַליין.
דער שטאָם דער גיבור, לאָזט די זאַפּטן דורך;
דער וואָרצל – דער פֿאַרצווײַגטער אין דער טיף,
ציט יניקה פֿון דער ערד, פֿאַרן גאַנצן בוים.
עס איז די ערד, ווי ס'שײַנט, נישט קאַרג געניט;
ברייט-האַרציק גיט זי אַלעמען צו זייגן;
שלווהדיק זעט אויס דער וועלטיס געמיט...
ט'פֿאַרלאָפֿן זיך אַמאָל, אַז די קאָרע פּנים בוים,
האָט דערפֿילט מײַן קינאה און ווי צו זיך אַליין געשעפּטשעט:
"אָרעמער בן-אדם – ווערט געיאָגט, געפּלאָגט;
געשטעלט צום מישפּט. אָן עוולה...
נאָר גיי דערצייל, אַז אויך בײַ אונדז נישטאָ זײַנען
קײַן גליקן; יעדעס לעבנדל – זוכט פֿאַר זיך אַ תּיקון...
אַלץ וואָס לעבט – טוט לײַדן.
דאָס איז דער פּרײַז, מע צאָלט און צאָלט,
פֿאַר ליכט, פֿאַר אַלץ – פֿאַר קאַלט און וואַרעם...
דאָס לײַדן – איז באַשיידן דירה-געלט,
פֿאַר כאַפּן בלויז אַ בליק, אויף דער שיינער וועלט..."

# דיאַלאָג

איך זינג צו דיר – מײַן יונגער פֿרײַנד,
נישט אָפּשטיין זאָלסט און זוכן טיף,
אין אינערלעכן ווּזן דײַנס,
ווי דער פֿישער זוכט די פֿיש.

זײַ וויסן: דער וואָס גלויבט אין גלויבן,
באַוואָפֿנט זימיט אַ גרויס פֿאַרמעגן;
קען טרוימען דורך קאַלירטע שויבן;
קען זען ווי יאָמער – גליק טוט וועבן...

פֿאַרשפּאָר די ווערטער, אַלטער פֿרײַנד מײַנס,
כ׳מיין, אַז ציכטיק זידײַן כּוונה,
אפֿשר ווייסטו ווי פֿאַרהעקלט מען אַ בליץ,
זיער זאָל ווערן מײַן מתּנה?...

אין דעם לאַבאָרינט מײַן אייגן.
זאָל זײַן ליכט, דעם חושך שפּאַלטן;
זיער זאָל צוימען דאָרט מײַן צווייפֿל,
קענען כ׳זאָל מיט זיך פֿאַרוואַלטן...

אָ, מײַן פֿרײַנד... ווען איך בכּוח בין צו געבן,
די רפֿואה; אָט די לייזונג דיר איז נייטיק,
וואָלט אַנדערש אויך מײַן אייגן לעבן,
אויסגעשפּילט און זיך געצײַטיקט...

## דער מיושבדיקער קוסט

ס'האָט אַ שטאָלענער פויגל, האַרט פאַר דער גסיסה;
אין ראַסיקע קוסטן, זיך פֿאַנלעד צעקלאַגט,
אַז מען האָט אים פֿאַרשקלאַפּט; נישט דערקלערט אים זײַן מיסיע,
ר'וואָלט שעלטן און שטראָפֿן, נאָר ס'כּוח נישט טראָגט...
האָט אַ קוסט אין קראַמפֿן, צעטרייסלט געזאָגט:
„אָ שטאָלענער פויגל, איך ווייס דיר איז שלעכט...
האָסט מיר אויך שיער דערהרגעט, איז וואָס, נו איז וואָס?
שטעלט מען צום מישפּט איעדן וואָס שעכט?...
מוז דער ווינט פֿשרן אַ שאלה?... ניין!
ער טוט וואָס אים גלוסט די תּאווה צו שטילן...
אַ גלעט און אַ צערטל; אַ ביס און אַ שטיף,
אַ רואה-ואינו-נירא – קען זיך שפּילן...
אונטער דיר ליגט פֿלייש און ביין צעמורשטשעט,
אַ געדעכעניש – ט'פֿון קיינעם נישט פֿאַרבלײַבן,
דו דאַגעגן וועסט מיט מזל, אין שמעלץ-אויוון אַרײַן;
פֿון דיר קען יאָ אַמאָל אַ זכר בלײַבן..."
פֿאַרשטומט דאָס געוויין און ס'פֿײַער פֿאַרלאָשן;
דער קוסט, אין פֿיבער לייגט אײַן זײַנע וואונדן;
די שכנישע קוסטן זיי וויגן זיך פֿרום,
דער שטאָלענער פויגל – ליגט פֿרײַ, נישט געבונדן...

## צוויי בעל-חײם

דער פערד – צוויי אויגן אויסגעפּוקלט,
דער מענטש – אַ שפּאָר ביסל פֿאַרריסן;
אַ צער בײַ יעדן איז פֿאַרוויקלט,
די פֿרייד זיך טוט נישט איבערגיסן.

עס וועקט רחמנות – שטומע צונג,
דעם מענטש – זײַן אייגן פּלוידערײַ טוט וויי;
ווען ער שפּײַט אויס, וואָס אויף זײַן לונג,
איז צום בן-אדם, אַך און וויי...

דעם פערד – די עוולות און דער ווייטיק בריט,
פֿון בעל-עגלה׳ס בײַטש און זינלאָזן געוואַלד;
די פּאַטקעוועס זיי בריען קאַלטן ברוק;
דאָס הירזשען וואָגלט, ווען דער קוטשער שילט.

דער מענטש – ער דריידלט זיך צעטומלט אינים ראָד,
אָפּט פֿאַרקלעמט, נאָר שפּילט די ראָלע;
דער פערד – וואָס אויסגעשטעלט ז׳אויף מענטשיש גנאָד,
בריקעוועט און קלאָגט זיך, אויף זײַן פערדיש דאָליע.

# דער פעלדז און דער קוואַל

פון אַ פעלדז אַ מעכטיקן, שלאָגט אַ קוואַל אַ ציכטיקער אַרויס.
דעם סאַמע אָנפאַנג פונם פרישן צויבער, קען קײַן אויג נישט גרייכן.
אָבער דאָרט וואו ס׳עקט זיך, זאָגן די אינזעקטן; די לעבעדיקע עדות,
אויס דעם סוד,
אַז אונטער דאַך פון גרינעם מאָך, קערט איבער זיך דער קוואַל און
לאָזט אַ צייכן...
דעמאָלט ווען ער מאַכט די קאָזשלקע, שטעלט ער אָפּ מיט ליבע
הינטער זיך,
אַ געמיט, פון זון-שטראַלן און פרישע לופט,
די ברואים וועלכע ראַיען דאָרט, מחיה זיך צו זײַן...
ווי ס׳שפּינט, אַז שרצים גאַרן אויך, נאָך ראָסע, ליכט און דופט.
דער פעלדז שטייט טויב און שטום און האַרט.
אַ מאָדנער דרעמל, ליגט פון יאָרן אויף זײַן קאַרק.
דערבײַ — אַ פּאַווע אַ פאַרבלאָנדזשעטע, פלאַפּלט צו אַ שוואַן :
״קוק״ זאָגט זי, ״ער קען זיך נישט פאַרשעמען, קעגן העכסטן באַרג״.
דער שוואַן צעטומלט און באַרוישט, פונם פולן רעגן-בויגן,
וועלכער מיניעט זיך פאַרוועבט, אין דער פּאַוועס פאַלדן-קלייד;
ווי זי שפּאַנט זיך גאַנץ פּאַוואָליע, מיט איר שיק,
נעמט דער שוואַן זיך אָן מיט כּוח, צו זאָגן זײַן באַשייד :
״דו זעסט דעם קוואַל, וואָס שטויסט פון פעלדז דעם מעכטיקן;
ווי דער פרישער אומרו, קוילערט זיך מיט חסד און מיט פלײַס;
ווי אַן אַקראָבאַט אַ זילבערנער, ער שלענגלט זיך און רייצט
און שפּיגלט אויס פון זיך, מיליאָנען טראָפּנס שווייס...
געהערט האָב איך אַ קלאַנג, אַז ס׳אַרבעט ווער דאָרט אין דעם
פעלדז דעם מעכטיקן;
ס׳טרײַבט ווער דעם קוואַל, מיט קראַפט און גיט קײַן רו.
אָט דאָס ברויזן, שאַפט די ווערווע און דאָסווירבלען,
אַז ער זאָל קענען כּישופן און רייצן, פונקט ווי דו...
אַנומלט, איז אַ שלאַנג אַרויסגעקראָכן, פונם האַרטן פעלדז.

אין זײַן געדריי האָט ער דערציילט, אַז בלויז דער קוואַל פאַרמאָגט אַ גלאַנץ...
אַזוי לאַנג ווי קוואַל, וועט צערטלען אים דעם פעלדז און ליוביען, וועט ער דער פעלדז, ניט שטערן אין זײַן קעניגרײַך, דעם צויבער-טאַנץ".

# פאַרצווייפלטער צווייפל

איך זע ווי דער ים מיט דער ערד זיך באַהעפטן;
איך ווייס, אַז אַ בלום מיט אַ בין לעבט בשלום
און מער וועגן שלום — איך קען נישט און ווייס נישט
און גאַר, ס׳זאָל דער שלום, כאָטש בלײַבן אין חלום...

וועגן הימל און ערד — זייער שכנות — איך צווייפל,
כאָטש ס׳איז מײַנס טיאַליין, אַן אילוזיע פאַרוועבט,
דאָך זע איך דעם הפקר פון קריג און מחלוקות,
אויף יעדוועדן שפּאַן — וואו לעבן עס לעבט...

ניין, נישט פרײַ איז דער מענטש, צו מאַכן דעם אויסוואַל,
ווײַל אויסגעלאַסן מיט פרײַנדשאַפט זיך גיבן די הענט :
די תּאווה און גאווה; די שינאה און קינה,
זיי פלעכטן אַ שטריק אויס און טאַנצן ווען ס׳ברענט...

תּכלית — נישט תּכלית — די וועלט אַ פאַרמעגן;
מספּים — נישט מספּים — ס׳יראָד דרייט זיך אויף גיך...
דער חלוש, דער זקן — וויל לעבן, וויל לעבן,
כאָטש, רב שלום ושלווה, טראָגט צעריסענע שיך...

# דער שפּאַס

ווען דער פרילינג, האָט מיט לעצטע קושן זיך געזעגנט
און געמאַכט אַ ברייטע וואַרע, פאַרן שטאָלצן זומער-לעב,
האָבן בליקן פון די ביימער-קרוינען זיך באַגעגנט
און שטיל געטריפט מיט פרייד, האָט זייער בלום-געוועב...

אינעם סאָד באַיאָרטן — פאַרריסן האָבן די פּיקאַנטע אַראָמאַטן;
אויסגעלײַטערט — וועקט הימליש בלאָ, דורך צווײַגן ריין...
נאָר אויף אַ קווייט אַ בונטן, וואָס האָט געפלעגט די לופט,
האָט אַ פלאַטערל אין צער, אויסגעפּרעפּלט זײַן געוויין :

„איך וויל פרילינג... מײַן פרילינג וויל איך... גאָרנישט מער"...
האָט דאָס לילאַ פלאַטערל, מיט גרין-ראָז חן-פּינטלעך אַ סך,
אַראָפּגעלאָזט אין רײַפן קווייט, אַ זילבער-הייסע טרער...
דער קווייט?... ט'געוויגט, געהוידעט און ט'געמאַכט אַ שפּאַס...

„וויין נישט, פּראַכט מײַנס; שאָנעווע דײַן גוף דעם צאַרטן...
ס'לעבן פליסט אַזוי; קײַן פּעולה נישט דײַן קלאָגן.
אויב דיר וועט נישט באַשערט זײַן, נאָך אַ פרילינג זיך דערוואַרטן,
וועט אַנדערש ווער, די זכיה האָבן, דעם פרישן פרינץ, גוט-מאָרגן זאָ

## דער נײַגער און דער סוד

אויף אַ דינעם צווײַגל, פֿון אַ שלאַנקן בוים,
וויגט זיך לײַכט אַ יונגע שוואַרצע קראָ,
אויף אַ צווײַגל איבער איר זי קוקט אַרויף,
וואו אַ טויב צופֿרידן האָט געשפּיגלט זיך אין בלאָ...

עס איז פֿאַרנאַכט. דער אַלטער פּאַרט שטייט שטיל.
די זון האָט אַלע אירע שטראַלן שוין אַרײַנגעצויגן;
דער ים אומענדלעך – ליגט אָפֿן, ברייט און פּישופּט,
דער טאָג – גאָר אומבאַמערקט פֿאַרפֿלויגן...

דער בוים, ער שטייט געדולדיק, ווי זײַן שטייגער,
נאָר די קראָ זי באַטשקעט צו דער טויב :
"כ'וואָלט אַ בעלן זײַן צו וויסן, גלאַט אויס נײַגער,
וויפֿל זונען ס'גייען אויף און גייען אונטער...

איינס – איך ווייס אויף זיכער, מער ווי זיכער,
צעגיסט זיך אויף די ראַנדן פֿון די בערג;
אַ צווייטע רונד און פֿול אין פֿײַער-פֿלאַם,
קײַקלט זיך אַראָפּ און פֿאַלט אַרײַן אין ים"...

"דו", פּיקט זי ווײַטער צו דער טויב,
"דו פֿאַרקערסט מיט מענטשן – קלוג און גרויס;
ביסט אַליין דאָך אויכעט מער באַהאַוונט;
ביסט קליגער, שענער, טויגסט זיך אויס".

"ששש" די טויב מיט צאַרטע פֿיסלעך טוט אַ שפּרונג;
שטעלט זיך האַרט לעבן דער קראָ דער שוואַרצער;
מיט אַ מאָל זי טוט אַ חנוודיקן זונג
און צעקײַכט זיך, מיט אַ דיניטשקן געלעכטער:

„נאַרישקײטן... קליגער, שענער, ווייס איך וואָס...
כ׳האָב זיך נעכטן אויף אַן אָפן פענצטער אָפּגעשטעלט,
האָט אַ מענטש אַ למדן; נישט קײן אָרעמאַן,
אויך מיט קשיות מיך באַוואָרפן, וועגן ענין וועלט..

וועגן די מיליאָנען שטערן... וואָס און ווער...
וועגן בונטע פלאַטערלעך און צויבער פון אַ רויז,
וועגן כּוח פון דער לופט און וועגן אויגס אַ טרער...
נאָך קלינגט אין מײַנע אויערן: ווער... ווער... ווער?..."

דערווײַל, די קראָ זי שלאָפט שוין גאַנץ געשמאַק;
די נאַכט אַ וואונדער-שיינע, האַלדזט דעם פּאַרט;
די טויב – בלײַבט אומעטיק אַליין;
דער „ווער און וואָס" בלײַבט שטעקן אינם סוד פון דעם באַשאַף...

## זומער-צײַט

ווען דער האָן וועט אויפשטיין,
נאָך זײַן ערשטן קריי,
ל'איך זיך לויפן וואַשן,
אין פרימאָרגן-טוי.
שטיל וועל איך אַרויסגיין,
פון מײַן קליינעם הויז,
לויפן צו די גראָזן,
דאָרט וואו ס'וואַקסט אַ רויז.

כ'וועל די רויז נישט רײַסן,
לאָזן וואַקסן איר,
שמעקן בלויז און גלעטן,
גיין אויף מײַן שפּאַציר.
אײַנזאַפּן די פרישקײַט
און לויפן שנעל אַהיים,
פון דער רויז אַ גרוס דער מאַ,
און גרייט אין שול צו גיין.

# זומער-צײַט

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

Moderato

Dm A7 Dm

טן ערשט זײַן נאָך שטיין אויף וועט האָן דער ווען

C Dm Dm

טוי גן מאָר פּרי אין שן וואַ ן לויפּ זיך ליאיך קריי

C7 F F C7 F

הויז נע קליי מײַן פון רויס גיין אַ איך וועל שטיל

Gm Dm A7 Dm

רויז דאָרט וואו סיוואַקסט אַ זן גראָ די צו פּן לון

# נעטל ווערט געזונט

מײַן פֿרײַנד, שיינע נעטל,
ליגט אין איר בעטל,
מיט אויגן וואָס גלאַנצן,
עס ווילט זיך איר טאַנצן...
די בעקעלעך ברענען;
זי וויל שוין אויך קענען
לויפֿן אין גאָרטן
און באָדן זיך דאָרטן.
„נישט לאַנג" זאָגט די מאַמע,
„וועסטו ווי אַ דאַמע
אַ שיינע, שפּאַצירן –
דײַן ליאַלקע וועסט פֿירן..."
נעטל מוז וואַרטן;
מיט וועזנדל צאַרטן,
קלוג ווי די וועלט,
ליגט זי און ציילט...
זי ציילט אויף די פֿינגער,
לויפֿט די צײַט גיכער,
אָט רעכנט זי אויס
און פֿון בעטל – אַרויס!
פּאַמעלעך זי גייט זיך,
פֿון צימער אין קיך;
דער קאָפּ לאַכט אויף איר,
זי צעעפֿנט די טיר...
ווי גאָלד בלענדט די זון...
זי קוקט זיך אַרום
און קוועלט צו די בלומען,
דער טאָג איז געקומען!

## די באַן

באַן, אָ באַן וואו יאָגסטו זיך?
ווערסט צערײַסן דײַנע שיך;
כימיין די רעדער דײַנע — דיך!
פאָלג זיך באַנעלע, פאָלג מיך...

שטיי אַ ווײַלע, קלאַפּ נישט מער,
שוין גענוג געאַרבעט שווער,
איבער וועגן אומגעיאָגט,
ווי דער ווינט אין פעלד זיך טראָגט.

שטעל זיך אָפּ און רו זיך אויס.
וועלן אַלע קליין און גרויס;
קינדער פון דער מאַמעס שויס,
אויף דיר וואַרטן — רו זיך אויס...

## וויג-ליד

שלאָף זשע שלאָף, מײַן טײַבעלע,
טײַער קינד דו מײַנס;
דײַנע אויגן קערשעלעך,
זיסע ליפּעלעך דײַנס.

גענוג געלאַכט, געוויינט גענוג,
טײַער קינד דו מײַנס;
דײַנע הערעלעך פֿון זײַד,
צאַרטע הענטעלעך דײַנס.

אַ גוטע נאַכט, אַ זיסן שלאָף,
טײַער קינד דו מײַנס;
פֿול מיט ליבשאַפֿט דעקט דיך צו,
טאַטע מאַמע דײַנס...

# וויג-ליד

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

Andantino

Dm A7 Dm

ע בעל טײ מײן שלאָף זשע שלאָף

Dm Dm Gm

ע ש קער גן אוי נע דײ מײנס דו ד קינ ער טײ

A7 Dm

נע דײ דײנס עך פעל לי סע זי לעך

Gm A7 Dm

דײנס עך פעל לי סע זי לעך ע ש קער גן אוי

## איך וועל... איך וועל...

ווען איך וועל אַ גרויסער זײַן,
וועל איך ווי מײַן טאַטע גיין,
צו דער אַרבעט יעדן טאָג,
וועל איך ווי מײַן טאַטע גיין.

איך וועל אויפבויען אַ שיף.
און די מענטשן פירן ווײַט,
צו אַן אַנדער ברעג אַוועק,
וועל איך די מענטשן פירן ווײַט...

און פון דאָרט וועל איך די גוטע,
ברענגען גלײַך צו אונדז;
צו דעם שיינעם גרינעם ברעג,
ברענגען גלײַך צו אונדז.

דערווײַל די מאַמע – מילד זי זאָגט;
„שלאָפן גיי מײַן קינד;
אין שול אַרײַן דאַרפסט מאָרגן גיין,
– שלאָפן גיי מײַן קינד"...

## אויסצײלן

איך מיט דיר.
דו מיט מיר,
װעלן גײן
אויף אַ שפּאַציר.
איך אַ לאָף,
דו אַ יאָג
מיט אַ קײט,
פֿון פּאַפּיר.
דרײ אַרום,
רונד אַרום;
שנעל אַ שפּרונג
טו אַ זונג !...
איך מיט דיר,
דו מיט מיר,
װעלן מאַכן,
אַ שפּאַציר.

## מײַן קעצעלע

נעכטן האָט דער זיידע מיר,
אַ קעצעלע געבראַכט;
מיט אַ װײַסן בײַכעלע,
אַ קעצעלע אַ פּראַכט!
װייך איז זי װי פּוטער פּריש.
מיט אַ רױטע נאָז,
אייגעלעך װי מאַרבלס צװיי,
דאָס צינגעלע איז ראָז.

איך ליב דאָס קעצעלע ביז גאָר,
און רוף זי קיטי קום;
שפּילט זי זיך מיט באַלעמלעך,
און דרייט זיך רונד אַרום...
כאַפּ איך איר אויף מײַנע קני,
טוליעט זי זיך צו;
שלאָפט זי אײַן דאָס פּיצעלע,
און איך זינג – ליו, ליו...

# מײַן קעצעלע

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

Cm
Moderato

גע לע צע קע אַ מיך דע זײַ דער האָט טן נעכ

G7 Cm

אַ לע צע קע אַ לע כע בײַ סן ווײַ אַ מיט כט בראָ

Fm Cm

טע רוי אַ מיט פריש טער פו ווי זי איז ווייך פּראַכט

Cm G7

איז לע גע צינ דאָס צווײַ בלס מאַר ווי לעך גע איי ז נאַ

Cm

ז ראָ

## אין די שטראַלן פֿון דער זון

אין די שטראַלן פֿון דער זון,
האָב איך זיך ליב צו באָדן;
ווען טרוקן קנאַקן אַלע צווײַגן,
מיט בלעטעלעך באַלאָדן.

כ׳האָב זיך ליב צו שפּיגלען
אין אַ שטילן טײַכל,
וואו די קאַטשקעס שווימען,
אײַנגעטונקט דאָס בײַכל.

איך האָב ליב צו שווימען,
אין דעם ים דעם גרויסן
ווען די כוואַליעס פּאַטשן,
און ס׳איז בלאָ אין דרויסן.

איך האָב ליב דעם אָוונט,
ווען לבנה – קוועלט;
איך האָב ליב די בלומען
און דער גאַנצער וועלט.

## אַ קינדער־שפּיל

(אין אַ ווינקל פון סצענע שטייט אַ ייִנגעלע אָנגעטאָן אין אַ פּעלערינע. ער איז כאַראַקטעריזירט ווי אַ דיכטער. מוזיק)

**דיכטער:**

(צעשפּרייט זײַן פּעלערינע)
איך האָב אַ נעץ, שיין לידעלע
פאַר קינדער אויסגעטראַכט;
האָב איך פונם לידעלע
אַ שיינע שפּיל געמאַכט.
ווי ס'האָט אַמאָל די אַלטע מיל
פאַרפלאָכטן זיך אין קראַנץ,
מיטן פויער, בעקערל
זיך געלאָזט אַ טאַנץ.
און ווי זאַנגען פּולינקע
וויגן זיך צום טאַקט,
און ווי פרישע ברייטעלעך
ווערן אויסגעבאַקט.
טאָ קוקט און שווײַגט
און הערט זשע אויס,
וועט איר זען
ווער ס'קומט אַרויס:
(מוזיק. אַ גרופּע פויערים באַווײַזן זיך דורך ריטמישע באַוועגונגען, נעמען זיי אַראָפּ פון זייערע אַקסלען די קאָסעס און לייגן זיי אַוועק אויף דער ערד)

**ערשטער פויער:**

איך בין פון פעלד געקומען
געאַקערט און געזייט;
קערנדלעך געפלאַנצט,
וועט מען עסן ברויט.

**צווייטער פויער :**
מיטן אַקער-אײַזנדל
איז מיר גוט אַזוי,
אויף די פעלדער גרינינקע
אינעם פרישן טוי.

**דריטער פויער :**
פון די פעטע קערנדלעך
וועלן שלאַנק און שיין,
וואַקסן זאַנגען גאָלדענע
ווי די זון אַליין.

**אַלע פויערים :**
זאַנגען וועלן וויגן זיך
שעמעוודיק און שטום,
ביז די אַלטע וואַסער-מיל
קוקט זיך אויף זיי אום.

**וואַסער-מיל :**
(באַוועגט זיך אונטער די קלאַנגען פון מוזיק)
איך בין די אַלטע וואַסער-מיל,
וואָס מאָלט דעם קאָרן אויס
אויפן ברעג פון טײַכעלע,
שפּרייט איך פליגל אויס.
ווערט פון קאָרן פרישינקן
וויַסער, גלאַטער מעל
(בעקער באַוועגט זיך)
קומט דער יונגער בעקערל
און גיט דאָרט אַ באַפעל:

**בעקער:**

פֿאַקט די מעל און זעקעלעך
ברענגט זיי שנעל אַהער.
(קינדער באַוועגן זיך)
פֿאַרשאַרצט די אַרבל דאָ,
די אַרבעט איז נישט שווער.
וואַסער, מעל אין שיסעלע
גיסט פֿלינקער פֿלינק אַרײַן,
קנעט די טייגלעך וועסינקע
וועלן ברייטלעך זײַן.

**קינדערלעך:**

(מיט באַוועגונגען)
אויסגעבאַקט די ברייטעלעך,
אין יעדן הויז געבראַכט.
אַ דאַנק דיר פֿויער, בעקערל,
וואָס האָסט פֿאַר אונדז געמאַכט.
אַ דאַנק דיר זון און רעגנדל,
אַ דאַנק דיר וואַסער-מיל;

**דיכטער:**

געענדיקט איז שוין ס׳לידעלע,
אַ סוף צו אונדזער שפּיל.

# דער אַלטער בוים

אויף אַ הויכן באַרג,
שטייט אַן אַלטער בוים;
לאַנגע, לאַנגע יאָרן,
לעבט ער דאָרט אַליין.
אויף זײַנע ברוינע צווײַגן,
וויגט זיך לײַכט אַ נעסט
און ווי עס ווערט נאָר טונקל
קומען ליבע געסט.
דער אָדלער קומט דער ערשטער,
פאַרנעמט דעם אויבנאָן;
דער פּיקהאָלץ מיט זײַן שנאָבל
גיט דעם ערשטן טאָן.
פייגל אַלע סאָרטן –
קרײַזן דאָרט אַרום,
יעדער קושט דעם אַלטן בוים,
נאָר דער בוים איז שטום.
אַ געזאַנג עס טראָגט זיך
אין דער נאַכט דער שטילער;
פריש עס זשומט און זשומט,
אַ ווינטעלע אַ קילער.
די לבנה – קוקט און שווײַגט,
און שיקט איר ליכט פאַר אַלע;
שטייט דער בוים אַן אויסגעפּוצטער,
ווי אַ שיינע כּלה.

## צוויי רויזן

(געווידמעט ליסאַ און סאַשאַ)

אויף אַ דיניטשקן צווײַגל מיט שטאַפּלען,
שפּילט אויס אַ קאַנאַריק זײַן פרייד
און הערט ווי צוויי רויזן עס פּלאַפּלען,
די דופטן צעטראָגן די רייד.

די עלטערע רויז — אַ צעבליטע,
צעוויקלט, צעעפנט מיט חן,
ווינקט שטאָלץ אַראָפּ צו דער צווייטער:
„ווערסט אין גיכן פאַרשטיין, וואָס איך מיין"

„מיר וואַקסן דאָ ביידע צוזאַמען,
אין וואונדערלעך שיינעם אַרום;
ווען דו ווערסט זיך אויכעט צעבליען,
די פּראַכט ווערסטו זען אומעטום".

די ייִנגערע עפנט איין בלעטל
און ענטפערט: „איך קוק אומעטום,
איך גיב אויך צושטײַער די דופטן,
אַז די לופט זאָל דאָ שמעקן אַרום."

„איז גוט! לאָמיר וואַקסן צוזאַמען
און דאַנקען דעם צווײַג און דעם שטאַם,
און דאַנקען די פייגל פאַר זינגען,
פאַר שימער און שיינקײַט אָן צאַם...

# צוויי רויזן

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

Moderato

Bm Em7
שפילט פלען שטאָ מיט גל צווי קן ניטש די אַ אויף

Bm Em7 G F♯
צוויי ווי הערט און פרייד זען ריק אַ קאַן אַ אויס

Em Bm Bm
צע פטן דו די פלען פלאַ עס זן רוי

Em F♯ Bm
צע אַ רויז ער טער על די רייד די גן טראַ

F♯ Bm
חן מיט נט עפ צע קלט ווי צע טע בלי

G 1. Bm
טער צוויי דער צו ראָפּ אַ שטאָלץ ווינקט

Em7 F♯
מיין איך וואָס שטיין פּאַר כן גי אין וועסט

## צו דײַן געבורטסטאָג

אַ בריוול געבראַכט פון אַ פרײַנד,
אין שנאָבל אַמאָל האָט אַ טויב,
געקומען די טויב איז אויף הײַנט,
געפיקט און געפיקט אין מײַן שויב.

כ׳האָב געבעטן די טויב אויף איר שפּראַך,
צו נעמען אַ בריוול פאַר דיר,
מיט ליבשאַפט און קושן אַ סך,
צו דײַן געבורטסטאָג – מתּנות פון מיר.

אין בריוול, אַ בלאַט פון אַ רויז,
מיט גרוסן און פרײַנדלעכע רייד:
– דײַנע יאָרן – ווי בלומען אין גאָרטן,
זאָלן שמעקן מיט גליק און מיט פרייד...

# האַרבסט

דער הימל מיט וואָלקנס מיט גרויע באַדעקט.
די וואָלקנס זײַ שוועבן;
מאָדנע זעט אויס דער הויף און די גאַס,
פרי טונקל עס ווערט – פינצטער און נאַס;
פענצטער האַלב אָפן און באַלד צוגעמאַכט.
"דאָס איז דער האַרבסט געקומען צוגיין..."
אַזוי שושקעט דערווינט זיך –
מיט פייגל און בלעטער – די גאָלדענע שיינע;
זיי פליען אַראָפּ און לאָזן זיך שאַרן,
פון פיסעלעך קליינע.
בײַ אונדז אויפן דעכל, די פייגלשע נעסטן
זיי ווערן שוין פוסט.
וואו זון שיקט די שטראַלן,
פליען אַוועק – פייגעלעך פרײַע.
דאָרט פיקן זיי ברעקעלעך;
צוויטשען און טרילען,
און ווען צוריקברענגען – לידעלעך נײַע.

## קאַרליקעס

אין אַ שטיבעלע ווײַט, ווײַט,
אויף אַ גרינעם פעלד,
וואוינען דאָרטן קאַרליקעס,
פאַר חיהלעך פאַרשטעלט.
איינער אָנגעטאָן האָט זיך
אַ פעלצל פון אַ לייב;
אַ צווייטער אויסגעקליידט האָט זיך,
אין ראָז צו זײַן זײַן ווײַב.

**רעפריין :**
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַ,

שפילט מען אַלע שפילערײַען
דער לייב מיט אַלץ פירט אָן;
זיצן אַלע חיהלעך,
די מאַמע אויבנאָן;
שלום לעבן אַלע דאָרט,
דער פינגווין מיטן האָז;
קאָאַלאַ-בער מיט דער קוקו,
דער לייב און מאַמע ראָז.

**רעפריין :** טראַלאַלאַלאַ...

די פאַר טײַבעלעך פאַרשטעלט,
פליען קענען נישט,
קאַרליקעס פאַרבליבן זיי,

אין איינעם אויסגעמישט;
פרייען זיך און דרייען זיך,
ביז די זון גייט אויף,
שטעלן זיך אין שורות אויס,
און אין פעלד אַרויס...

**רעפריין** : טראַלאַלאַלאַ...

אַרבעט איז פּאַר אַלעמען,
ס'פעלד איז גרויס און ברייט,
אַן עכאָ פון געזאַנג דערגייט,
צו קינדערלעך וואַט, וואַט...

**רעפריין** :
טראַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַ...
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַ
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ...
טראַלאַלאַלאַלאַלאַ,
טראַלאַלאַלאַ.

# קאַרליקעס

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

Allegro

Em B7
פעלד עס גרינ אַ אויף ווײַט ווײַט לע בע שטי אַ אין

Am Em Eo B7
שטעלט פֿאַר לעך יה ח פּאַר עס ליק קאַר טן דאַר נען וואוי

Am D G
אַ לייב אַ פון ל פעלצ אַ זיך האָט טאָן גע אָנ ע איינ

Am B7 Em
לאַ טראַ ווײַב זײַן צו ראָז אין זיך האָט קלייד גע אויס טער צוויי

Em B7 B7/D# Em
לאַ טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ

Em B7 Em
לאַ לאַ לאַ לאַ טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ

## קום צו אונדז

איך האָב הײַנט מײַן חבר אין שאָטן געזען;
פֿאַרטראַכט און באַטריבט זײַנע אויגן;
– דערצייל מיר, וואָס איז מיט דיר חבר געשען?
און וואו זײַנען טרוימען פֿאַרפֿלויגן?

עס האָט זיך אַ צווייפֿל פֿאַרקליבן בײַ דיר;
אין דער טיף געבליבן דאָרט ליגן?
זוך און עפֿן אַ טירל פֿאַר מיר,
צוזאַמען איז לײַכטער צו זיגן...

דו ווייסט נישט וואו לויטערער וואַסער זיך גיסט?
דו קענסט צו דעם קוואַל נישט דערגרייכן?
צווייפֿל נישט חבר, דאָס וואַסערל פֿליסט,
אויפֿן וועג וועסט געפֿינען אַ צייכן...

קום צו אונדז; קום און טרינק אונדזער מוט;
מיר זוכן אין טיפֿן און הויכן,
צוזאַמען איז לײַכטער; צוזאַמען איז גוט;
צוזאַמען איז לײַכטער צו גרייכן.

# באַלאַדע וועגן פרײַהײט

עס איז שוין זונעלע דערוואַקסן;
איז נישט מער קײַן קינד,
ווייס שוין אַלץ וואָס אין די ביכלעך,
קען דאָס לעבן שוין אַצינד.

האָט ערשט צוועלף יאָר קוים פאַרענדיקט,
דאָך, שוין אויסגעווען אַ וועלט,
מיט זשולווערן אומגערײַזט טיער,
צו די פּאַלוסן פון קעלט.

עס איז זײַן שוועסטער, עטוואָס עלטער,
באַלד אַ מענטש אין פולן זין,
זי איז אויך אַ וואונדער־מיידל,
אָבער פון אַן אַנדער מין.

ציכטיק גאָר אַ פאַרגעניגן,
אויך דעם ברודערל זי זאָגט;
„וואַש זיך, פוץ זיך וועסטו שיין זײַן",
נאָר דאָס ייִנגל נישט פאַרטראָגט...

ער וויל בעסער שאַפן פלענער,
אָדער זײַן אַ קאַפּיטאַן.
בויען שיפן, זעגל־פלאַטער,
פליגל צו אַן עראָפּלאַן...

נאָר אַמאָל אַזוי געמיטלעך,
שמועסן זיך ביידע אויס,
ווערטער קײַקלען זיך ווי פּערל,
פון די קינדעריש מויל אַרויס...

רעדט מען וועגן וועלט דער גרויסער,
וואו עס לעבט זיך גוט און שלעכט,
נאָר עפּעס קען ער נישט באַגרײַפן,
ווען און ווער עס איז גערעכט...

הערט דער טאַטע, קוועלט די מאַמע,
שמייכלען רחבותדיק פאַר פרייד,
זאָלן קינדער נישט באַמערקן,
שעפּן נחת – שטילערהייט...

קוקן אויף די רײַפע פּרוכטן,
זיי געטוליעט האָבן טרײַ,
און גלויבן נישט אַליין די אויגן,
אַז אוצר דער – געהערט צו זיי...

און דאָס זונעלע רעדט ווײַטער :
אַ באַרג, אים דאַכט זיך, ער פאַרשטייט,
נאָר ער הערט נישט אויף צו טראַכטן,
וואָס די ״פרײַהײַט״ עס באַדײַט...

איז די ״פרײַהײַט״ אין די פעלדער;
אויף די לאָנקעס – פול מיט בלומען,
אָדער גאָר אין סאָסנע-וועלדער,
וואו שיינע שמעטערלינגען זשומען...

אפשר איז די גוטע ״פרײַהײַט״
גאָר די זון, לבנה, שטערן
און די הימלען די צעשפּרייטע,
פאַר אַלעמען – צו זען און הערן?...

קען זײַן גאָר, די שטעט וואָס רוישן;
צויבערן אין די פֿאַרנאַכטן –
איז די „פּרײַהײַט" דאָרט פֿאַרשטעלט,
און שטראַלט אַרויס מיט אירע פּראַכטן...

קען זײַן אין צעוויגטע כוואַליעס,
איבער ימים ברייט און בלוי,
וואו די ווינטן די פֿאַרשײַטע,
טרינקען אויס פּרימאָרגן־טוי?...

און ס'פֿאַרכלינעט זיך דאָס ייִנגל,
אונטער מאַטן גלאַנץ פֿון טרוים
ר'פֿילט זיך גוט אַזוי און לײַכט,
ווי אַ פֿויגל אויף אַ בוים...

שטראַלט דער טאַטע; ס'גאַפּט די מאַמע;
פּרוּוון געבן צו פֿאַרשטיין,
אַז די פּרײַהײַט איז אַן אוצר,
זי איז טײַער, זיס און שיין...

מען קען די פּרײַהײַט נישט דערטאַפּן,
בלויז ווער ס'פֿאַרלירט זי אויף אַ צײַט,
ווערט ערשט דעמאָלט קענען זאָגן
וואָס די פּרײַהײַט עס באַדײַט...

די, וואָס זיצן אין די תּפֿיסות,
אין אַ קאַמער – קאַלט און גרוי;
אונטער קלאַנגען פֿון די שליסלען,
ווייסן דווקא, וואָס ס'הייסט פֿרײַ...

שעפּטשען שטיל, נאָך אַלץ די קינדער,
אין דער לופט – אַ נײַגער שוועבט;
איבער זיי עס וואַכט דער וואונדער,
וועמענס נאַכט, דעם מאָרגן וועקט...

# גראָזן שמועסן

ווען כ'האָב די אויגן אין פרימאָרגן אויפגעמאַכט.
און דורכן פענצטערל אַרויסגעקוקט,
האָבן ביימער לאַנגזאַם זיך באַגריסט,
און גראָזן, שוין ווי זקנים אָפּגעלעבטע,
אומעטיק אַזוי און וויסט;
האָבן צווישן זיך געסודעט זיך געהיים,
אַז פאַרנומען האָב איך זייער שעפּטשען קוים:

יאָ, אַזוי איז אונדזער סוף...
ווען מיר זענען יונג געווען;
דעם יוגנט-רייץ פאַרמאָגט,
האָבן מיר באַצירט די וועלט,
מיט אונדזער חן געלאָקט...
נאָר היינט אַראָפּ שוין אונדזער העלקייט,אונדזער גלאַנץ;
פאַרענדיקט האָבן מיר דעם שיינעם זומערדיקן טאַנץ...

און ווען דערשלאָגן שוין גענוג דו ביסט אַליין,
(האָט זיך אָפּגערופן ס'גרעזעלע גאָר קליין),
איז יעדער דורכגייער, ווי זיין נאָמען זאָל נישט זיין,
מענטש צי ווינט, טייוול אָדער הונט,
טרעטן זיי ברוטאַל דיך מיט די פיס;
מיט בלויזן בליק, מיט גדלותדיקן זייער קאַלטן קוק,
נאָך טרויעריקער מאַכן דיין געמיט...

נאָר אַלע איבעריקע גראָזן די באַיאָרטע,
שמייכלען שפּאָטיש און ווילן געבן צו פאַרשטיין,
אַז באַעוולט זענען נישט געוויקסן בלויז אַליין;
אויך אינסעקטן און די מענטשן צווישן זיך,
די סאַמע קליגסטע אויף דער וועלט,

קענען נישט בשלום לעבן,
און ווער שטאַרקער איז און רײַך,
פאַרנעמט דעם אויבנאָן...
און פאַרטיליקט און דערדריקט,
דעם שוואַכערן אָן מיטלײַד גאָר, דערשטיקט...

אַזוי שעפּטשען לאַנג די גראָזן צווישן זיך,
און ווייטיקן אַזוי איבערן גורל פון דעם שוואַכן;
זענען נידעריקער נאָך ווי גראָזן מענטשן פיל,
איז וואָס-זשע קענען זיי, די אומשולדיקע מאַכן...

בערגען-בעלזען, אויגוסט 1945

# אַלץ העכער און העכער...

הער ווי די פייגל זינגען אין טאָל,
לאָמיר אַ זונג טאָן, הויך אויף אַ קול,
אַלע אַרײַנפלעכטן זיך אין אַ ראָד.

**רעפריין :**
אַלץ העכער, העכער; לאַכן זינגען,
פריילעך שאַלן – אַלע אין דער ווײַט...
קנאַקן די צווײַגן; טאַנצן די ביימער
פלעכטן אַרײַן אין קראַנץ;
הויבן זיך פיסלעך, הענטלעך און אַקסלען
מישן זיך אויס אין טאַנץ.

דער ווינט האָט די וואָלקנס פאַרטריבן שוין לאַנג,
ליכט וועט באַגלייטן אונדזער געזאַנג,
די זון שיקט די שטראַלן אין האַרצן אַרײַן,

**רעפריין :** אַלץ העכער, העכער...

פלאַמען אין ים – זיך טונקען אַצינד,
רונד אַרום פײַער, טרוימט קייט און קינד,
מאָרגן וועט ווידער אויפשטײַגן הויך,

**רעפריין :** אַלץ העכער, העכער...

# אַלץ העכער און העכער...

ווערטער: דאָבקע אַפּעלאָוויטש
מוזיק: איצל אַפּעלאָוויטש

**Allegretto**

Cm Fm Cm

טאָן זונג אַ מיר לאַ טאָל אין גען זינ גל פּיי די ווי הער

G Cm A♭ G

ראַד אַ אין זיך טן פלעכ רשן אַ לע אַ קול אַ אויף הויך

Fm E♭ Fm E♭ Fm E♭ Fm G

דער אין ע אַל לן שאַ לעך פריי ען זינג כן לאַ ער העכ ער העכ אַלץ

Cm B♭ Cm Fm

גן צוויי די קן קנאַ וומט
לעך ס פּי זיך בן הוי

Cm G7 1. Cm

נץ קראַ אין רשן אַ כטן פלע מער ביי די צן טאַנ
אין אויס זיך שן מי לען קס אַ און לעך הענט

2. Cm

טאַמץ

## די אייביקײַט קען זײַן, איז פרײַ פון צער און זאָרגן...

(צום אָנדענק פון מאָטלען)

שלאָפסט אײַן מײַן פרײַנד, אין סאַמע טיפסטן שלאָף...
די אייביקײַט – קען זײַן, איז פרײַ פון צער און זאָרגן;
ווי לאַנג פון לעבן טיִנאָך אַ פונק געצאַנקט אין דיר,
האָסטו מיט ליבער פרייד באַגעגנט דעם פרימאָרגן.
– "כ׳בין ווידער דאָ!" – געלייענט כ׳האָב אַנומלט דײַן געדאַנק;
וואו שטילער שטאָלץ דײַנער, האָט אומבאַמערקט געהויזט,
צוזאַמען מיט אַ יושר-טרוים, דאָרט אויסגעטאָקט אַ קלאַנג
און אָט אַזוי געצאַמטערהייט, האָט לעבנס-לוסט געברויזט.
יאָ, ביסט מיד געווען; צו לויטער שלווה האָסטו שטאַרק געגלוסט
און האַרבע קשיות – ווי אַ פעסט אַוועקגעיאָגט פון זיך
און ווײַל צו גריבלען זיך איז נישט כּדאַי געווען לויט דיר,
האָסטו גערן פרײַ געלאָזט דאָס חקרנען פאַר מיר...
שלאָפסט איין מײַן פרײַנד, אין סאַמע טיפסטן שלאָף...
די אייביקײַט – קען זײַן איז פרײַ פון צער און זאָרגן.

## צו דער פרומער מוטער

אָ, מאַמע גלויביקע,
וואָס דו דאַוונסט און דו בענטשסט
וואָס האָסט גענומען סיגאַנצע לעבן
אַלעמען און אַלץ פאַר ליב...
ווען ס׳איז געווען ניט,
שפּעטער — טרוקן ברויט.
ווען די שפע איז געקומען,
האָט זיך צוגעשטעלט דער טויט...

האָסט פון גורל, קלעפּ געקריגן פיל;
געליטן האָסטו — טיף, נאָר שטיל...
ווען דײַן טאַטע-זקן איז אַוועק,
האָסטו געוואוסט פאַרוואָס:
אַלט — די נשמה ט׳אויסגעצאַנקט.
דו, געבליבן ביסט אין צער;
די כענקשאַפט — האָט געבויערט לאַנג,
דאָך אָן קשיות, ווידער האָסט געלויבט, געדאַנקט...

נאָר פאַר דעם סאַמע לעצטן,
קרום-אַכזריותדיקן גאַנג,
וואו ס׳האָט זיך אָפּגעריסן און פאַרשטומט
פון דײַן קייט — דער יונגער קלאַנג,
אויב נאָך דעם שוידערלעכן קראַך,
וועסטו ווידער קענען דאַנקען, לויבן,
וועל איך, מיט פּיעטעט — צעטומלט,
אויכעט וועלן — קענען גלויבן.

## דער מאַמעס קול

עס איז געווען אַ טאָג אַ גרויער,
ווען די מאַמע טיזענט פאַרבראַכן;
אויף איר שטייגער, שטיל און צאַרט,
געבראַכט האָט זי די נײַעס פון שכן.
״שוין״ האָט זי געציטערט –
״געמיינט, אַז יענע ערשטע קריג,
געווען שוין די לעצטע...
האָט ווידער ווען זיך פאַרגלוסט
בלוט, פאַר מאַכט און זיג.
אַ מאַמע, נו, איז ווי אַ מאַמע,
מײַן זאָרג, איז בלויז פאַר אײַך...
ניין, מען טאָר נישט וויינען –
איר זענט יונג; ווי סטרונעס גלײַך״...
גערעדט האָט זי אין אַנגסטן;
פיבערדיק איר בליק,
עס זאָל חלילה נישט באַשערט זײַן,
פאַרלירן איר דאָס גליק;
זי ווינטשט זיך, נישט דערלעבן
אַ טראַגישן מאָמענט,
אַז ס׳זאָלן ביידע קינדער,
אַרויס פון אירע הענט...
״איך ווייס וואָס מײַנט מלחמה״,
געדענק איך אירע רייד...
און אָפּגעהאַקטע ווערטער...
זינט דאַן, קײַן שפּור; קײַן קלאַנג...
דאָס אַש אַוודאי – אויך אַנטרונען,
דאָך, אין מײַן געדעכעניש,
סאַמע אויבנאָן, האָט איר אָנדענק,
אַ תּיקון זיך געפונען...

כיהאָב אַזוי פיל נאָך צו זאָגן,
נאָר די בענקשאַפט מאַכט מיך שטום,
עס איז די ליבע נישט פאַרגאַנגען,
מאַמע מײַנע – שענסטע בלום...

בערגען-בעלזען, 1945

## זאַלבענאַנד

שוועסטער – מײַן געטרײַע –
איז עס מעגלעך וואָס געשען,
אַז שוין קיין מאָל אין מײַן לעבן
וועל איך, ליבסטע, דיך נישט זען...

כ׳וואָלט מיט לײַב און לעבן וועלן,
עס זאָל אַלץ אַ חלום זײַן,
זידו זאָלסט ווידער ווי אַמאָל
אָנטרויען מיר – סודות דײַן...

אין דעם ציכטיק-קליינעם שטיבל,
זאַלבענאַנד געמורמלט שטיל;
כ׳האָב געשלונגען דײַנע ווערטער,
פול מיט זין און מיט געפיל.

„זאָג פאַרוואָס״ (פלעג איך איר פרעגן)
„ווען געדאַנקען ברענגסט אַרויס,
ווערט באַטריבט אזוי געזיכט דײַנס,
און די אימה – אַזוי גרויס״...

נישט געקענט איך האָב באַגרײַפן,
כ׳האָב געגלעט זי און געטראַכט,
אַז דאָס אומגליק וועט פאַרשווינדן,
וואָס דער גורל האָט געבראַכט...

אירע קלוגע שיינע אויגן,
האָבן טרויעריק געזאָגט,
אַז זי זעט אַ שוואַרצע צוקונפט
און אין איר – אַ שטורעם – יאָגט...

האָב איך עטוואָס דאַן באַנומען;
און באַדויערט איר געמיט,
דאָך אַ ניגון כ׳האָב פאַרצויגן,
אויפגעזונגען איר אַ ליד...

– אָט, זינגען מיר שוין ביידע,
פריער אומעטיק פאַרטראַכט,
דאַן – באַזיגט דעם טרויער – יוגנט,
געשטיפט מיר האָבן, ביז בײַנאַכט...

אָט אַזוי ט׳געוועבט אַ פאָדעם,
אַן אידיליע נישט פון זײַד;
ווײַל אין צאַפּלדיקן לעבן,
ט׳זיך פאַרוויקלט – טרוים און לײַד...

איז עס לײַדער, נישט קײַן חלום,
גרויע, טרויעריקע וואָר;
דאַן, צעריסן אונדזער לעבן,
איצט, פאַרצירעוועט מיט צער...

און אַליין בין איך געבליבן,
מיטן נעכטן – אָטעמט הײַנט;
כ׳האָב דיך שטענדיק אין מײַן דימיון,
שוועסטער מײַנע – שענסטער פרײַנט...

בערגען-בעלזען, 1945

# אַ גאַנג אַזאַ
(געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון פייגעלע מאַקאַטאָוו)

סיהאָט אַמאָל דער בין־השמשות זיך בסוד באַקלאָגט
פאַר אַ מילדן, שטיפערישן ווינט,
אַז דער באַשעפער קוקט זיך צו וואָס ער פאַרטראָגט
און ענטפערט קיין מאָל נישט פאַר וועלכע זינד.

„איך – דער וועבער צווישן טאָג און נאַכט,
לעב קוים אַן אויגנבליק און מוז פאַרגיין,
מיט אַ סך פאַראיבל און אייביקן פאַרדראָס,
פאַרן צוטיילן מיר בלויז אַזאַ מין קורצן זײַן."

דאָס זומער־ווינטל כאַפּט אויף די טענה,
שלייערט אײַן זי אין די פאַלדן ווי אַ ריטער;
אַ שושקע דעם און יענעם, מיט די טיולן זײַנע,
אַ פּאָך, אַ גלעט, אַ ריזל, הײַדאַ ווײַטער.

ער שוועבט און שלענגלט זיך, דורך צווײַגן שלאַנקע;
שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע צו באַוואונדערן דעם וואונדער.
פאַרטאָג – ער הודזשעט זאָרגלאָז אויף אַ גרינע לאָנקע,
וואו סאַמעט גלאַט איז יעדעס גרעזעלע באַזונדער...

דעם זעלביקן מעת־לעת נאָך, האָט אויסגעוויקלט
זיך אַ טאָג אַ פּראַכט, אַלץ דערוואַכט.
ווער אין פרייד און ווער אין פּלאָג;
אין שאָטנס פרעמדע, אונדזער ווינטל שעלמיש לאַכט,
ער טראָגט אַ קלוגן ענטפער צום בין־השמשות קלאָג...

ווען צוגעפאַלן איז ווי שטענדיק, דער פאַרנאַכט
און די זון אַ פלאַמיקע, צעגאַנגען איז אין גלי,
שוועבט דאָס ווינטל, גאַנץ מיושבדיק, באַזאַכט,
צום בין-השמשות, טוט ער אומגעריכט אַ פלי:

„העי מײַן פרײַנד, זײַ וויסן, אַז דו זינדיקסט מיט דײַן קלאָגן.
דײַן דריי איז קורץ, נאָר אייביק; אייביק לעבסטו...
אַנטפלעקסט זיך פול, געצײַטיקט, מיט אַלערליי געשמאַקן,
נאָך יעדן איינעם טאָג, דו קומסט אַרויס, און ווידער וועבסטו...

צום „חכם" דעם בן-אדם קוק זיך, אַדרבא, צו.
מען ברענגט אים פשוט, אויף אַ וויץ אַהער;
איידער וואָס און ווען, ער קוקט זיך קוים אַרום,
אויס. אויף אייביק... מען לאָזט שוין איבער אים אַ טרער...

כ'האָב אַ סך זיך צוגעזען, פליענדיק אַראָפּ.
וויפל עוולות אָט דער מענטש פאַרנעמט;
ווי מען נעמט אים אָפּט אַרויס אַן אויג פון קאָפּ...
פאַר וואָס? פאַר ווען? פאַרשטיינט... פאַרקלעמט...

נישט לאַנג געזען אַ יונגע רויז אין סאַמע צוויטן,
אָן רחמים טיוּוער אַרויסגעריסן איר נשמה...
איז נעם זשע בין-השמשות, גורל דײַנס פאַר גוטן,
קען זײַן, אַז לעבן אייביק איז די איינציקע נחמה...

מעלבורן, האַרבסט 1984.

## פּײוול דער װעבער מיט זײַן געזינד

עס איז דער טאַטע הײַנט געקומען פון פאַבריק,
אַזוי טרויעריק, ווי קיין מאָל נישט געווען;
האָט מאַמע שטיל און צאַרט אַ פרעג געטאָן:
– דערצייל, דערצייל וואָס איז געשען?...
האָט טאַטע ברייט די אויגן אויפגעמאַכט;
נאָך ערנסטער ז׳געוואָרן זײַן געזיכט,
פאַרביסן האָט ער מיט די ליפּן שטאַרק
כּמו אַ קלאַפּ וואָלט אים געטראָפן, אומגעריכט.
שטיל. אַלע קוקן אויפן טאַטן ליב,
וואַרטן אויף אַן איינציק וואָרט פון אים,
ער זאָל דערציילן און דערקלערן אונדז,
וואָס ער האַלט אין זיך פאַרבאָרגן שטום...
שווײַגן אַלע, שווײַגט דער טאַטע אויך,
ביז ער הויבט זיך פּלוצים אויף,
און צום אויפגעמאַכטן פענצטער מיט איין שפּאַן,
קוקט ער אין די הימלען גאָר אַרויף...
געפּלעפּט... קיינער ווייס נישט וואָס צו טאָן;
ווערט שוין טרויעריק די מאַמע אויך;
קוקן מיר שוין אַלע דורך די שויבן,
און דערזעען – שוואַרצע קנוילן רויך...
מאַכט דער טאַטע שפּרײַזן צוויי צוריק,
גייען מיר נאָך אים נאָך, יעדן טראָט;
שווײַגן מער ט׳ער נישט געקענט,
האָבן ווערטער זיך אַליין געטאָן אַ שאָט..
געהערט מיר האָבן און געשלונגען יעדעס וואָרט,
וואָס טאַטע האָט שוין פריער דורכגעטראַכט;
אײַנגעשלאָסן וואָס ער האָט אין זיך געהאַט,
דורך לאַנגע גרויע טעג און נעכט.
– הײַנט – (האָט ער מיט פינגער אָנגעוויזן אויף דער גאַס)

– האָט זיך בלוטיק אָנגעהויבן, אַזאַ שפּיל...
ס׳האָבן גרויסע מענטשן זיך געמאַכט אַ שפּאַס,
זײַנען שוין פֿאַראַן קרבנות פֿיל...
און ער רעדט אַלץ העכער, העכער,
אויף די אונטערצײַנדער פֿון דער וועלט,
וועלכע ליבן נישט דעם מיט-מענטש,
נאָר זיי יאָגן זיך נאָך געלט;
אַז זיי וועלן אַלץ צעטרעטן,
וואָס דורך יאָרן אויפֿגעשטעלט,
ס׳האָט מיט האַמער און קאָוואַדלע,
אַרבעטס-מענטש – אויף גאָרער וועלט.
אַזוי רעדט אַ טיפֿער ווייטיק,
פֿונים טאַטנס האַרץ אַרויס,
רעדט שוין שטילער און פֿאַרקלעמט,
וועגן אַלע – קליין און גרויס...
– עס קען זײַן, אַז מאָרגן פֿרי –
האָט פֿאַרענדיקט טאַטע שטיל,
– וועל איך קעגן ווילן מײַן,
מיטמאַכן די גאַנצע שפּיל –
אָט אַזוי, ווי פֿײגל פֿון בויגן,
איז דער אומגליק אונדז פֿאַרלאָפֿן,
כ׳האָב געעפֿנט פֿרי די אויגן
און שוין טאַטן נישט געטראָפֿן...

בערגן-בעלזען, 1945

# אין מײַן דימיון

הײם-שטאָט... װי קען איך דיך באַװײנען,
אַז כ׳קען נישט אין מײַן װיזיע,
זען אַ ביאַליסטאָק, אָן מאַרך און אָן לעבן...
פאַרבליבן ביסטו אין מײַן דימיון, מיט דײַן שװאונג און צאַפּל;
מיט דעם געדיכטן רויך דעם טונקל-גראַנעט, װעלכער קוילערט זיך
אַרויף... אַרויף... אַ גוטער רויך, װאָס שמעקט מיט האָלץ
און נישט מיט דעם געשטאַנק פון בײנער...

װי קען איך דיך באַװײנען, אַז פּאַר מײַנע אויגן שלענגלען זיך
פון שטאָט-זײגער די גאַסן און די שמאָלע געסלעך;
פון באַן-הויף און פון פּאָלנע; צום שול-הויף און צו פּיאַסקעס;
און ציען, ציען זײ זיך, פול מיט װערװע...
די קרעמערס שמײַען סוחרים באַלעבאַטישע עס גײען;
נופערקעס און װעבערס שטראָמען צו פאַבריקן,
אויפן טאָג דאָס לעבן צו פאַרדינען.

סטודענטן אַלערלײ מיט שװערע טעקעס און מיט שטאָלץ;
מחנות קינדער גײען, װער צעשטראַלט און װער פאַרכמאַרעט –
אין שול אַרײַן, דעם נײַעם טאָג באַגעגענען.
און װען אויפן עקראַן, אין דימיון מײַנעם, װאַכט אויף מײַן שול;
מײַן צװײטע הײם, פאַרכאַפּט מיך ס׳אַטעם;
ס׳נעמט אַרום מיך אַזאַ בענקעניש אַ זיסע, נאָר אַ שװערע...
נישט קײַן שאַנדע, אַז חוץ די ליבע פון די לערערס
ליגט מיר נאָך אין טעם פון דאַן – די הײסע מילך און פרישע בולקע

אָפּט אין חלום אָדער וואָר, דערזע איך אונדז
די מיידלעך אַכט, פֿון קליינעם צימער דאָ אין בעלזען,
פּלוצים גאָר אין שויס פֿון ביאַליסטאָק...
די נעשקעס און די בובעס; די ליזקעס און די יעטעס;
אַזוי יונג, צעיאַכמעט; אַרום שטאָט-גאָרטן צעשטיפּט...
נאָר ווען איך טאַפּ מיט שווערע פֿינגער אָן די ווירקלעכקייט,
דאַן ווייס איך ביאַליטאָק, וואָס אין מיר איז דאָ פֿאַר דיר...

כ׳קען נישט אַנדערש דיך דערמאָנען, ווי צום גוטן,
ווײַל איך טראָג נאָך אַלץ אין זיך די שענסטע רויזן,
וואָס די גוטע לערערס מײַנע, האָבן מיר געשענקט אויף אייביק...
פֿיל געשטאַלטן לעבן אויף, אויף דעם עקראַן אין דימיון מײַנעם;
פּולבלוטיקע און צאַרטע... אַלע אויסגעמישט צוזאַמען,
אַרום מיין ליבער, גרויער מאַמען...

בערגן-בעלזען, 1945

## אויף קבֿר-אָבֿות

געווען כ'בין הײַנט אויף קבֿר-אָבֿות,
שוין לאַנג נאָך זייער טויט;
צווישן ווענט פֿון מויערן,
געזען כ'האָב רויט,
געזען כ'האָב שוואַרץ,
אַ בילד פֿון טויט...
אין שטילקייט אײַנגעהילט – איז דער מוזײַ
גײַסטער שוועבן אום;
ווענט מיט לעבנס,
ס'ברענען גלידער;
ס'וויינט אַ טיפֿער צער...
מײַנע וואונדן טריפֿן ווידער.
מיך נעמט אַרום – אַ שטעטל גרוי,
הײַזער אויסגעקרימט;
בײַ אַ וואָגן שטייט אַ פֿרוי
הענט פֿאַרבראָכן,
גוף פֿאַרטריקנט,
אויגן אָן ביטחון.
אַנאַס ווינקל שטראַלט מיט עכטקײַט,
נבֿואה אין איר בליק;
כ'קוק טיף אַרײַן
און זע איר וועלט,
וואָס צאַפּלט צאַרט,
וואו גלויביק-חלום העלט.
שפּאַן איך ווײַטער אין מוזײַ
– שווער מײַן קאָפּ...
פֿון אַ בילד אַ צווייטן,
קדוש אַרטור קוקט אַראָפּ,
צו מיר דאַכט זיך,

ער שעפּטשעט פון דער ווײַטן:
פרײַנד, זײַ וויסן, אַנדערש נישט געקענט...
געוויקלט זיך אין ווייטיק;
געבעטן רחמים...
אַלץ שווײַגט, האָב איך געקלערט,
וואָס איז שוין מײַן לעבן ווערט?...
איז אויס... אפשר, אַזוי אַרום...
שטיל שלאָפט איין איצט דער מוזײַ;
דער אפשר לאַנג שוין טויט...
געווען אַ וועלט,
אַ וועלט איז דאָ...
ווער סילעבט – דער וואַרט,
וואַרט און וואַרט...

לאָס אַנדזשעלעס, 1987

# מײַן אייגענע וועלט

(פראַגמענט)

אין גרויע בלאָק-הײַזער, אויף אַ זאַמדיקן שאָסיי,
דאָרט וואו געצאַנקט עס האָבן יונגע לעבנס,
בין איך אויך ווי אַ פּאַרטריקנט הערינג דאָרט געלעגן...
געריסן ס׳לײַב און געשלונגען שפּײַעכץ...
מיט מידע, מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן,
פלעג איך פּרוּוון לויט דער זון לייענען די צײַט;
ציילן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל די שמאָלע שויבן
און מיט די געדאַנקען אַוועקוואַנדערן ווײַט, ווײַט...
כ׳האָב דעמאָלט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס?...
די זעלבע זון די גאָלדענע בלייכער איז געוועזן;
די הימלען אויסגעשפּרייטע טויב און שטום,
בלויז אַ ווינט אַ וויכער, פלעגט די שויבן שמײַסן
ווי צו להכעיס, אויפגעכאַפּט אַ שוואַכן וויי
און פרײַ געלאָזט – גרויליק יאָמערײַ...
קוים פלעג איך עפענען די אויגן ברייט,
האָט דורכן פענצטער זיך אַנטפּלעקט דער מתים-באַרג;
דער באַרימטער באַרג פון בערגען-בעלזען...
אויסגעטאָקט פון הויט און ביין;
פון הענט און פיס; פון שאַרבן-פעלדזן...
און ווען איך האָב מײַן בליק צוריקגעצויגן,
האָב איך פּונקט ווי אין אַ חלום, דערהערט מײַן מאַמעס קול:
„ווײַן נישט קינד מײַנס, נישט כּדאַי...
אויב מיט בלוט מען מיסטיקט פעלדער,
וועסטו צו מיר בקרוב קומען...
איך ווייס דו ביסט פאַרבײַ״...
האָט זיך אַנדערש אויסגעלאָזט.
ווי ס׳שײַנט איז ס׳לעבן שטאַרקער ווי דער טויט.
דאָך לעבט אין מיר דער באַרג און ס׳פּײַניקט מיך די שפּע,

ווײַל זיי געלעכצט האָבן נאָך ברויט.
לעב איך מײַן געשענקט לעבן,
און טראָג אין זיך מײַן אייגן וועלט,
ווען אימשטאַנד איך בין צו וועבן,
דאַכט מיר, אַז מײַן מאַמע קוועלט...
און איך וויל, איך פּיל און טראַכט
מיט וואָס די קדושים צו באַערן...
האָב איך זיי נישט וואָס צו געבן,
בלויז אַ קוש געווייקט אין טרערן...

## עשעלאָנען
(פראַגמעט)

ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די באַן.
ליכטיק, העל – איז טאָג געווען,
ווען דורך אַ שפּאַרע פון דער זעלבער באַן
האָב איך געזען דעם כוליגאַן,
געזען מיט אויגן אייגענע – דאָס גרויליק בילד;
געהערט דעם קלאַנג, וואָס האָט זיך פריַ צעטראָגן,
בײַם אָפּריגלען וואַגאָנען...
געזען ווי ס'בושעווען – מונדירטע חיות ווילד,
בײַ אונדזער טאַטע-מאַמעס עשעלאָנען...
דורך טרערן בלוטיקע האָב איך זיך צוגעקוקט,
ווי די בעסטיעס האָבן מיט אַ טאָלק,
אויסגעפירט זייער באַשייד...
איינס און צוויי – פּרעציז מיט אײַפער,
אַרויסגעיאָגט פון באַן די "אַלטע לײַט"...
אָ, ווי פרעך געבושעוועט זיי האָבן;
פאַרשײַט געלאַכט... געשטויסן און געשמיסן,
געקאַטעוועט – די קעפּ געבויגענע...
אַנטקעגן באַן, געשטאַנען דאָרט,
איז אַ געבײַדע מיט אַ שילד;
אויפגעשריבן דײַטלעך קלאָר,
מיט אומשולדיקע אותיות זאָגנדיק –
"טרעבלינקע"
איין אויגנבליק – די טויערן שוין אויפגעפּראַלט
און אָט... שטופּט מען זיי, די טײַערע, אַרײַן,
אין פּיסק פון לײַב; די קאָנסומענטן פּונים גאַז;
פּאַר פײַער-פלאַם – דאָס רויב...
אָפּגעפּאַרטיקט. טויער-טיר פאַרקנאַלט.
אַ פײַף און ווײַטער ציט די באַן;

פירט אונדז די יונגע – דערשלאָגענע, צעטומלטע...
נאָרוואָס די עלטערן פאַרלאָרן,
ווי אַזוי, פאַרלאָרן...
אין די טרערן אונדזערע, שפּיגלט זיך „טרעבלינקע";
אין האַלדז, עס שטיקט אַ קנויל;
אין די אויערן – אַ וויסט גערויש;
דאָס יונגע לײַב און לעבן אודזערס,
– פון פּײַן אַ פולער קויש...

## בײַנאַכט

פון נעפּל און פון שטויב האָט אַרויסגעוויקלט זיך די נאַכט;
אַ טעמפּער שווײַגן האָט די פּוסטקײַט אײַנגעשלייערט,
אויף דער נאַרע דאָרט פאַרזונקען אין יסורים,
איז גוף און די נשמה – אײַנגעקלעמט פאַרמויערט...

שטייען בלאָקן ווי סאָלדאַטן אין אַ שורה און זייי גלאָצן;
און אַרום איז די נאַטור – פאַרברענט אַזוי פאַרשניטן;
די דראָטן פון עלעקטריע, אויף די פּלויטן גליען מורא;
נישט איינמאָל וואָלסטו אייגן לעבן אויפן טויט פאַרביטן... (2)

די דראָטן ווערן בעסער ווי די קינדער נאָכגעקוקט,
דער שומר היט – אייביק זאָל דער פּײַן זיך ציען,
הײַנט, וואַכט גאָלדעלע דער מאַמעס אין גרויס פיבער,
פאַרשמאַכטע ליפּן און די אויגן אירע טריבע גליען...

זי קען נישט מער, אַ סוף האָט זי צו זיך אַליין געטראַכט;
זי וויל נישט נאָך אַ מאָרגן זאָל פאַר איר אויפשײַנען,
געגנבעט האָט זי זיך, אויף אַלע פיר אַרויס בײַנאַכט,
זי וויל שוין קײנמאָל מער נישט לאַכן און נישט וויינען... (2)

געגליווערט אין פרימאָרגן שפּאַנען מחנות רעזיגנירטע,
נאָר גאָלדעלע באַפרײַט – זי׳נישטאָ מער צווישן זיי,
אַ געשטאַלט הענגט אויף די דראָטן דורכגעלעכערט,
נישט געקענט האָט גאָלדעלע פאַרטראָגן מער דעם ווײ... (2)

מעלבורן, אַפּריל 1965.

# באַנאַכט

ווערטער און מוזיק
דאָבקע אַפּעלאָוויטש

**Moderato**

Bm G
א האָט שטויב פון און פל נע פון

Em7 F#
פער טעמ א נאַכט די זיך קלט ווי גע ס רוי

Bm F#
דער אויף ערט שלײַ גע אײַנ קײַט פוסט די האָט גן שווײַ

Em F#
איז רים סו י אין קען זונ פאַר דאָרט סער נאַ

Bm Eo/G
ערט מוי פאַר קלעמט גע אײַנ מה ש נ די און גוף

F# Bm
א אין ן דאַט סאַל ווי קן בלאָ ען שטייי

Em F# Bm
נאַ די איז רום אַ און צן גלאָ זיי און רה שו

## טעמע און בען

ווען טעמע איז אַרויס פֿון ביוראָ, האָט די טאָגליכט שוין געצאַנקט. דער בין-השמשות האָט שוין געהאַלטן בײַם פֿאַרענדיקן זײַן באַשטימטע רונדע. הגם טעמע איז לײַדנשאַפֿטלעך פֿאַרליבט אין דער נאַטור, האָט זי איצט אַפֿילו נישט באַמערקט, וואָס עס איז אָנגעגאַנגען אויפֿן סודותפֿולן האָריזאָנט. אין קאָפּ בײַ איר איז שוין זינט אַ לענגערע צײַט אַ גוואַלדיקער מיש-מאַש. משמעות, אַז דער אַקס, אַרום וועלכן אירע מחשבות פֿלאָנטערן זיך, איז פֿון אַ ווערזנטלעכן באַשטאַנד. טעמע איז פֿון כאַראַקטער זייער אַ געמיטלעכע. דאָך, ווען ס׳קומט אַ צײַט צו מאַכן אַן ערנסטע דעציזיע, ווערט זי אויסער זיך; ווערט אומגעלומפּערט און פֿאַלט אַרײַן אין אַ מרה-שחורה. נישט קײַן וואונדער, אַז פּאַר מענטשן וועלכע האָבן זי ווינציק געקענט, איז זי אָפּט געווען אַ רעטעניש.

טעמע ווערט בקרוב זעקס און צוואַנציק. נישט געקוקט דערויף, וואָס זי איז אולטראַ מאָדערן געקליידט איז זי דורך און דורך קאָנסערוואַטיוו; אַלט מאָדיש אין פֿולן זין פֿון וואָרט, לויט אירע האַנדלונגען און אויפֿפֿירונג.

טעמע איז אַ טיף-דענקענדער מענטש. אַלס יונג קינד האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט די פֿעאיקײַטן צו אָבסערווירן און אײַנזאַפּן אין זיך די שיינקײַטן און דעם תּמצית פֿון זאַכן. זי גייט איצט אין דער ריכטונג צום ים. דאָס שאָרכן פֿון די האַרבסטיק-גאָלדענע בלעטער פֿון אונטער אירע פֿיס, דערוועקט אין איר די אַנטציקונג צום צויבער פֿון האַרבסט. אין טעמעס אויגן האָט יעדער סעזאָן פֿון יאָר זײַן באַזונדערער אייגנאַרטיקן חן. זי האָט נאָך אַ שפּאַר שטיקל וועג צוצוקומען צום ראָמאַנטישן בריקל, וואָס הענגט ווי אַ נעץ אויפֿן ים. יעדן פֿאַרנאַכט וואַרט דאָרט אויף איר בען.

בען שילסקי איז אַ שיינער יונגער בחור, וועלכער איז פֿאַרליבט אין טעמען ביז איבער די אויערן. שוין אַן ערך פֿון קאַרגע צוויי יאָר, ווי בען באַמיט זיך צו געווינען דעם צוטרוי פֿון דער שוואַרץ-חנעוודיקער שיינהייט. עס קומט אים אָן שרעקלעך שווער, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט גרויס דערפֿאָלג בײַ מיידלעך, אַזוי ווי טעמע בײַ יונגע לײַט. כאָטש זי איז אַ זייער פֿילבאַרע פֿרוי, איז איר באַציאונג צו בענען פֿאַרבונדן מיט אַ געוויסער פּראַקטישקײַט. עס קלינגט מאָדנע, ווײַל זעלטן ווען די דאָזיקע צוויי שטריכן גייען צוזאַמען. נישט אומזיסט האָט טעמע שלאָפֿלאָזע נעכט. זי איז אַ מבין אויף איר קאָמפּליצירטן כאַראַקטער אָבער זי קאָן זיך נישט העלפֿן. ליב האָט זי בענען פֿון דער ערשטער מינוט אָן.

זי שאַצט אָפּ, ווי ווײַט מעגלעך אָביעקטיוו, זײַנע מעלות, נאָר די ספֿקות זײַנען שטאַרקער. דאָס צווייפֿלען ווערט נאָך שטאַרקער, ווען איר געטרײַע מוטער וואַרפֿט פֿון צײַט צו צײַט אַרײַן עטלעכע לאָגישע ווערטער: ״מײַן קינד, זײַ נישט פֿאַרבלענדט... בען איז טאַקע שיין און גוט, אָבער ער האָט שטיינער אין די אַרבל, ער איז אַ פּוילער... טראַכט״... טראַכט זי אָן אויפֿהער וועגן איר צוקונפֿט. דער עגבער טרעט נישט אָפּ פֿון איר, דאָך לייגט זי אָפּ די דעציזיע און טראַכט נישט איין מאָל, אַז אויב זי וואָלט געווען פֿרום, וואָלט איר מסתּמא געווען לײַכטער... אין ביוראָ באַמערקן אירע קאָלעגעס, אַז זי לײַדט, אָבער ווי לאַנג טעמע שווײַגט, פֿרעגט איר קיינער נישט קײַן קשיות.

אירע געדאַנקען לויפֿן איצט אַהין און צוריק... די מוטער איז נישט אומגערעכט... עס איז אַ גרויסער חסרון און זעלטן ווען עס לאָזט זיך ענדערן... בפֿרט נאָך, אַז זײַנע עלטערן זענען שטיין רײַך; טראַקטירן אים גוט, אַזוי אַרום קען ער זיך דערלויבן צו בלײַבן אַן אייביקער סטודענט. בען פֿון זײַן זײַט

וויינט און קלאָגט און פאַרזיכערט טעמען, אַז ער וועט זיך ענדערן. טאָג אײַן טאָג אויס בעט ער זיך בײַ איר, אַז זי זאָל אים גלויבן און נישט זײַן אַזוי צוריקגעהאַלטן... "טעמעלע, אוצר מײַנער, מיט דײַן צוזאָג, אַז דו וועסט מײַנע בלײַבן, וועסטו מיר העלפן איבערצוקומען מײַן פּראָבלעם... איך לייקן נישט, עס איז אַ פעלער, נאָר ס'איז נישט אינגאַנצן מײַן שולד... איך וועל זיך סטאַרען... כ'וועל אַרבעטן טאָג און נאַכט... איך נייטיק זיך אין דײַן אונטערשטיצונג... ער שווערט איר בײַ אַלץ, וואָס איז אים טײַער... מצד אים גייט יעדן אָוונט די זעלבע סדרה און טעמע – זי קושט אים און שווײַגט. נאָר קוים דערפילט זי אַמאָל, אַ סימן פון רעזיגנאַציע אין זײַן שטים, פאַרלירט זי דעם באָדן פון אונטער אירע פיס...

הײַנט פילט זיך טעמע ספּעציעל דערשלאָגן. וואַרשײַנלעך די דאַטע. פּונקט צען יאָר ווי זי האָט פאַרלוירן דעם פאָטער. זי גייט און איר מוח אַרבעט אַ סך פלינקער. זי דערמאָנט זיך ווי די מוטער אירע איז שטענדיק פאַרלאָפן אַלע וועגן און האָט געבויט גרויסע פּלענער פאַר איר טאָכטער. נו... האָט זיך אַנדערש אויסגעלאָזט... ס'קומט איר אויך אויפן געדאַנק, איר ברודער מאָמי (פון דער מוטערס ערשטן מאַן). ער איז מיט עלף יאָר עלטער פאַר טעמען. אים איז יאָ געלונגען אויסצושטודירן אַ גוטע פּראָפעסיע. אין די זעכציקער יאָרן האָט מען אין די פאַרוואָרפענע שטעט, ווײַט אַוועק פון לאָנדאָן, געזוכט לערער מיט שטיקער ליכט. זי דערמאָנט זיך, אַז ווען זי איז אַלט געווען אַ יאָר נײַן, האָט זיך מאָמי מיט איר אַ סך פאַרנומען. עס איז געווען אַ וואונדערבאַרער געפיל צו קריגן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקײַט פון גרויסן, שטאַרקן ברודער...
פאַרשטענדלעך, אַז מיט דער צײַט האָט זיך מאָמיס לעבנס-שטייגער געביטן און ער פלעגט זעלטענער פאַרברענגען אין דער היים.

די קליינע טעמע האָט דעמאָלט שרעקלעך געליטן. אָן אַ פּאַרוואָס, און אָן אַ פּאַרווען פלעגט זי זיך צעקלאָגן פאַר ווייטיק; אַ מין אײַפערזוכט האָט אין איר געברענט ווי אַ פײַער... איר מוטער, די קלוגע מוטער, האָט איר בשום אופן נישט געקענט אײַננעמען. זי פלעגט אַזוי לאַנג ספּאַזמירן ביז זי פלעגט פאַר מידקײַט אײַנשלאָפן. איצט גייענדיק, שמייכלט זי צו זיך אַליין... אײַפערזוכט – אַן אײַנגעבאָרענע חולאת, וואָס אַ וועלט מיט מענטשן קענען עס ביז עד-היום נישט בײַקומען...

אַזוי פאַרזונקען אין די מחשבות דערנענטערט זי זיך צום בריקל. איר האַרץ הויבט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן... סײַ פאַר בענקשאַפט, סײַ פאַר אומרו. בען וואַרט ווי תּמיד. אַט ציט זי שוין אויס די אָרעמס, גרייט זיי צו פאַרוואַרפן אַרום זײַן הויכן, מענלעכן האַלדז און גרייט צו דערפילן זײַנע דינע, לאַנגע פינגער אין אירע האָר... טעמע שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע... זי דערוואַרט ער זאָל איר ווי שטענדיק, אַנטקעגן לויפן... בלויז עטלעכע שפּאַן... נאָר אומזיסט איר וואַרטן. בען רירט זיך נישט פון אָרט. ער שטייט, ווי פאַרגליווערט.

די זון טונקט זיך בקרוב אונטער. דאָס וואַסער איז גרין, בלוי און רויק. נאָר אין טעמעס אברים האָט זיך אַ יאָג געטאָן אַ מוראדיקער שטורעם און איבערגעלאָזט אַ שאַרפן ווייטיק. אָט ליגט שוין איר קאָפּ מיט די פעך-שוואַרצע האָר אויף זײַן אַקסל... זיי שטייען ביידע שטיל. טעמע גלײַכט זיך סוף-כּל-סוף אויס, מאַכט צורעכט די פעלערינע, וועמענס שפּיצן פלאַטערן פרײַ איבער אירע בונטע, געבלימלטע זאָקן. זי נעמט אים אונטערן אָרעם – "לאָמיר גיין אַ היים"... בען ענטפערט נישט. מסתּמא האָבן זיך שוין אַלע זײַנע ווערטער און אַרגומענטן אויסגעשעפּט. ער לאָזט זיך פירן אין דער ריכטונג צו טעמעס וואוינונג. ס'ווײַזט אויס, אַז בען איז די פאַרגאַנגענע נאַכט נישט געשלאָפן. די שטימונג איז אָנגעצויגן. ס'ערשטע מאָל זינט זי

קען בענען, געפינט זי אים אין אַזאַ טריבן, גלײַכגילטיקן צושטאַנד. זי ציטערט... זי זעט באַשיימפּערלעך, אַז ער פילט זיך שטאַרק באַליידיקט און אפשר גאָר דערנידעריקט...

„בען, וואו ביסטו בען?... איך דערקען דיך נישט... מיר וועלן הײַנט שמועסן... הײַנט. מײַן מאַמאַ אַרבעט די וואָך דעם צווייטן שיכט... מיר וועלן האָבן דעם גאַנצן אָוונט פאַר זיך אַליין"...

זיי פאַרשנעלערן דעם טראָט און שפּאַנען נאָך אַלץ פּאַזע דעם ים. טעמע לאָזט אָפּ זײַן אָרעם און זיי גייען שווײַגנדיק פּאָרויס. אין דער ערשטער גאַס, וואו זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט, איז געווען טומלדיק. דאָ, אין בורנעמאונט – דרום-ענגלאַנד, איז דער קלימאַט אַ סך מילדער, ווי אין לאָנדאָן. כּמעט אַ גאַנץ יאָר שוויבלט און גריבלט דאָ מיט דאַטשניקעס און טוריסטן. ס'איז קאָלירפול באַלויכטן, ווײַל די געשעפטן זענען נאָך אין פולן גאַנג. די רעסטאָראַנען און קאַפעען זענען אָנגעפּראָפּט. מוזיק-טענער פון אינעווייניק דערגרײַכן צו די דורכגייער, וועלכע יאָגן זיך אַהיים פון דער אַרבעט. אינעם נאָענטסטן שמאָלן געסל אויף רעכטס וואוינט טעמע מיט איר מוטער. ס'איז אַ צווייטער שטאָק. טעמע עפנט אויף איר שטרויענעם רויטן בײַטל, נעמט אַרויס די שליסלען און מאַכט אויף די טיר. בען מאַכט ליכטיק און גייט ווי שטענדיק, גלײַך אַרײַן אין קיך און שטעלט אַרויף אַ טשײַניק וואַסער אויף דער אַלט-מאָדישער גאַז-פּליטע. אין דער זעלבער צײַט, האָט טעמע באַמערקט אויפן טיש אַ האַלב-אויפגעמאַכטן פּלאַכן פּעקל. זי שטויסט זיך אָן, אַז די מוטער האָט עס על-פּי-טעות געעפנט. זי שלעפּט שנעל אַראָפּ די פּאַפּירן און דערזעט אַ פּרעכטיק בילד. „זע אַ געלע רויז געמאָלן מיט אײל-פאַרב... פונקט ווי לעבעדיק. בען, קום אַהער און קוק, וואָסער פּראַכט"... מיט גרויס איבעראַשונג נעמט בען דאָס בילד אין האַנט און וויל איבערלייענען דעם נאָמען פון מאָלער באַמערקט טעמע, אַז עפּעס איז

אַראָפּגעפאַלן. זי הויבט אויף אַ קאָנווערט, מאַכט אים שנעל אויף און לייענט אויף אַ קול:

מעלבורן דעם 30-טן יולי 1985.

טײַערע טעמע!

כ׳בין נישט זיכער, צי דו ווײסט געדענקען מײַן נאָמען. איך הייס עדנאַ און ווען ביסט געווען אַ קליין מיידעלע, האָבן מיר געוואוינט אויף דער זעלבער גאַס קעגנאיבער אײַך. אַזוי ווי ס׳האָט אונדז צו יענער צײַט געטראָפן אַ גרויס אומגליק, האָבן מיר פאַרלאָזט ענגלאַנד. שוין העכער צוואַנציק יאָר, ווי מיר וואוינען אין אויסטראַליע. ס׳איז קלאָר, אַז די וואונדן האָבן מיר מיט זיך מיטגענומען... דאָך זענען מיר געווען געצוואונגען צו אַרבעטן שווער, כּדי זיך אײַנצואָרדנען אויף דאָס נײַ. גלײַכצײַטיק בין איך ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט מײַן מאָלערײַ. (דײַן מוטער קען דיר וועגן דעם דערציילן איינצלהײַטן). כ׳האָב אַ סך דערגרייכט אויף דעם געביט און אין געוויסע קרײַזן אָנערקענט געוואָרן... וואָס איך וויל דיר אייגנטלעך זאָגן איז, אַז ווען אונדזער זונעלע איז דאָרט, טאַקע קעגנאיבער אײַך, געפּערלעך קראַנק געוואָרן, האָבן אַלע געוואָלט העלפן... דאָקטוירים און קראַנקן-שוועסטערס – טאָג און נאַכט; גוטע פרײַנד-אַרײַן און אַרויס... דער שכן, איבער אונדז, האָט אַראָפּגעבראַכט זייער ווײַס קעצעלע, ווײַל ס׳קינד האָט עס שטאַרק ליב געהאַט... לײַדער, האָט קיינער און קיין זאַך נישט געקענט אָפּשוואַכן דעם כּוח פון גורל... ער איז קוים אַלט געווען פיר מיט אַ האַלב יאָר ווען גאָט האָט אים פון אונדז צוגענומען... איך בין אַ גלויביקע געווען און

טראָץ אַלעמען – אַ גלויביקע פאַרבליבן...

נאָך דעם ווי דער אומגליק איז פאַרלאָפן האָט דײַן מוטער אויף אַ ספּעציעלן אופן מיר געהאָלפן און קײַן איין טאָג נישט פאַרמיטן. זי פלעגט אויף אַ שעה אָנדערהאַלבן מיר "אויסבאָרגן" איר אויג פון קאָפּ... מיט די צאַרטע הענטעלעך פלעגסטו מיך גלעטן און לינדערן מײַנע לײַדן... האָסט מיך אַפילו געקיצלט און איך האָב געלאַכט... דײַטלעך און פריש שטעקט עס ביז הײַנט בײַ מיר אין זינען. דאָס האָט מיך אינספּירירט צו מאָלן די רויז... איך טראַכט אָפט וועגן דיר. זייער אָפט. כ׳האָב אויסגעפונען, אַז דו ביסט אויסגעוואָקסן אַ פּרעכטיקע פרוי און גוט צו דער מוטער. איך האָב זיך אויך דערוואוסט, אַז דו האָסט יונגערהייט פאַרלאָרן דעם פאָטער. איך פאַרשטיי, אַז איר האָט געהאַט שווערע צײַטן.

זײַ וויסן, די געלע רויז האָב איך געמאָלן ספּעציעל פאַר דיר. מײַן ליבע און דאַנקבאַרקײַט איז אײַנגעוועבט אין די ניואַנסן פון אירע פאַרבן... איך פאַרקויף נישט מײַנע בילדער, איך שענק זיי אַוועק, מיט דער כּוונה וועמען צו דערפרייען. פאַרשטייסט, טעמע? איך וויל נאָך אַלץ טאָן גוטס, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין אַזוי שווער באַשטראָפט געוואָרן און איך ווייס נישט פאַר וואָס.

ווי שנעל איך וועל הערן פון דיר, וועל איך דיר שיקן און שיקן... וועסט קענען טאָן דערמיט – וואָס דו וועסט וועלן... נאָר די רויז – האַלט פאַר זיך, ביטע.

כ׳האָב לאַנג געוואַרט דערמיט. געוואַרט, ביז דו וועסט

אויסוואַקסן און רײַף ווערן. זײַ נישט טרויעריק און געניס פון לעבן.

גריס דײַן מוטער און ברודער.

די צוקונפט זאָל פאַר דיר שײַנען.

עדנאַ.

די צוויי יונגע מענטשן, זענען שטיין געבליבן ווי פריטשמעליעט. נאָך אַ לענגערער ווײַלע, ווען זיי זענען צו זיך געקומען, האָט טעמע שטיל אַרויסגעבראַכט די עטלעכע ווערטער: „מאָרגן, גלײַך מאָרגן וועל איך ענטפערן, אַז די פּרעכטיקע רויז, וועט זײַן פאַר מיר מיט דיר צוזאַמען"...

## אַ פּשוטע באַגעגעניש

אַ פאַרוואָלקנטער מיטוואָך איז נישט קײן נאָווענע אין דער צײט פון יאָר, אויף אונדזער זײט פון עקוואַטאָר. וואָס שײך דעם קלימאַט, איז אונדזער געמיטלעך מעלבורן ממש מיסטעריעז. עס פּאַסירט נישט זעלטן, אַז אַלע פיר סעזאָנען פון יאָר באַגעגענען זיך, און געוועלטיקן אין פאַרלויף פון איין און דעם זעלבן טאָג. דאָך, איז לויטן אָנגענומענעם וועלט-קאַלענדאַר, דאָ הי מערץ דער ערשטער חודש פון האַרבסט. אין מײַנע אויגן האָט דער גרויער הימל אויך אַ קראַפט צו לאָקן אין דרויסן אַרויס. איך וויל גלויבן, אַז אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן, וועלכע ליבן די נאַטור – האָבן ענלעכע געפילן. ס׳איז נאַטירלעך קלאָר, אַז ווען די פאַרכאַפּנדיקע, מעכטיק-שײנע נאַטור שטעלט אומגעריכט אַרויס אַ גרויזאַם-פלאַמיקן צונג, ווערן אַלע מוראדיק צעטרייסלט, ווערט מען אומבאַהאָלפן, און די שרעק נעמט איבער. אין די רויקע טעג, ווען אַלץ זעט אויס מער וויניקער דערטרעגלעך, געפינט זיך ערגעץ אַ טרייסט אין דרויסן. איך בין געקומען צום אויספיר, אַז די דרויסנדיקע שטילקײט וועלכע איז קײנמאָל נישט אַבסאָלוט טיילט אויס פון זיך מוזיק; מאַכט לײַכטער דאָס אָטעמען, און די איינזאַמקײט ווערט מילדער; באַקומט אַפילו סימנים פון אַ זין. ״מײַן גאַס״ (ווי ס׳הייסט אויף מײַן לשון) ציט זיך ווי אַ גלײַכע לאַנגע אַלייע, באַצירט מיט הויכעביימער פון ביידע זײַטן, וועלכע זעען אויס ווי פּאַרזייט, אין גראָדליניקע שורות – די ביימער זײַנען אַלט, דאָך גראַציעז. ס׳קען זײַן, אַז אין יאָרן, יאָרן אַרום וועלן זיך זייערע קרוינען פון ביידע זײַטן פאַראייניקן און אַזוי אַרום, באַשירעמען דעם נאַקעטן ברוק. דערווײַל איז נאָך אַלץ גרין, גרין. אייניקע בלעטער הויבן שוין אָן צו וועלקן און וועלן זיך לאַנזגאַם איינציקווײַז אָפּבינדן און אַראָפּקרײַזן אויף דער ערד. אַ פּראָצעס אַזאַ, וואָס האָט אַן אייביקע עקזיסטענץ – נישט

אָפּצופּרעגן. מיט אַזעלכע רעיונות. שפּאַן איך קעגן ווינט, אויף „מײַן גאַס". נישט איין מאָל קלער איך, אַז כ'לעב מיט ניסים. מײַנע פּיס פּאַרטשעפּען זיך אין דער מינדעסטער שטערונג אויפֿן טראָטואַר, און דער נס איז – אַז כ'ווער נישט געניזיגט. גאַנץ איינפאַך, איך געדענק נישט צו קוקן אַראָפּ... די פּיס שפּרײַזן און דער קאָפּ גייט באַזונדער...

מײַן היים איז לאָקירט אויף איין און דער זעלבער גאַס, העכער צוויי צענדליק יאָר, דאָך געפֿין איך אויס יעדן טאָג עפּעס פּרישעס, צו באַוואונדערן, אָדער צו באַדוירן. הגם מע זאָגט, אַז אַלץ וואָס לעבט אין באַשאַף, ענדערט זיך אומאויפֿהערלעך, קען אָבער דער פּשוטער אָבסערוואַטאָר, לויט מיר, נישט באַמערקן די ענדערונגען פֿון הײַנט אויף מאָרגן. איך בין אָבער כּמעט זיכער בײַ זיך, אַז איך זע דאָס און יענץ נישט צום ערשטן מאָל און ווער דאָך עקזאַלטירט. אין דרויסן גייט בײַ מיר קײַן זאַך נישט לאיבוד. די פֿאַרבן פֿון רעגן-בויגן זיכער נישט. די רחבֿותדיקע פּאַרקן און גערטנער זײַנען אומגעפֿער דרײַ-פֿערטל יאָר, פֿול מיט כּלערליי פֿאַרביקע פּלאַנצן און בלומען. „מײַן גאַס" ציט זיך פּאַראַלעל דעם ים (אַ וועלט פֿאַר זיך) פֿון וואַנען עס קומען מאַסנווײַז צופֿליען די קלאָר-ווײַסע מעוועס, וועלכע ווערן קיין מאָל נישט זאַט און וואַרטן זשעדנע אויף יעדן קרישקעלע; לעבן כּלומרשט בשלום מיט די פּרעכטיקע טויבן. די העגעמאָניע פֿון די מעוועס איבער די טויבן איז פֿאַרטײַעט... מען עסט זיך פֿון די פּיסקעלעך. נו, אַז די קלענערע און שוואַכע ווערן באַעוולט, זעט מען באַשיימפּערלעך; אַ דערשײַנונג – אַלט ווי די וועלט.

אַ גאַנץ ספּעציעלע לײַדנשאַפֿט האָב איך צו באַטראַכטן פֿענצטער, אין אַלע פֿאָרמען. קענטיק אויס נײַגער. שויבן – פֿאַרשטויבטע, קאָלירטע, געשליפֿענע; שמאָלע, ברייטע, לאַנגע מיט פֿאָרהאָנגען: אַלטע, שווערע; גלאַטע, געמוסטערטע;

דורכזיכטיקע, פולע, האַלבע, לאַנגע, פֿאַרענדיקט מיט צאַקן אָדער פֿרענדז. הינטער דעם, אינעווייניק – גייט אָן, רויעט זיך דאָס סאַמע וויכטיקסטע – דאָס לעבן גופֿא. אין דרויסן ליגט אַ שפּע סטימולן, וועלכע רעגן אָן צו טראַכטן.

הײַנט טאָקע, אין דעם כמורנעם מיטוואָך, גיי איך לענג אויס "מײַן גאַס" און וויל זיך לאָזן וואָוילגיין. איך קוק אויף רעכטס, אויף לינקס – אין דער ווײַטקײַט אַרײַן. גייענדיק אַזוי פֿאָרויס, באַמערק איך אַ געשטאַלט, וועלכע דערנענטערט זיך. עס קומט מיר אַנטקעגן אַ יונגע צאַרטע פֿרוי, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, וועלכע באַדעקן די אויערן און גרײַכן ביז צו איר טאַליע; וויגן זיך לײַכט און מיניען מיט אַ נאַטירלעכן גלאַנץ, וואָס שטראַלט אויס ווי אַ בלייכע זון אָנפֿאַנג פֿרילינג. איך בין שטיין געבליבן, ווײַל זי האָט זיך צו מיר דערנענטערט מיט אַ פֿראַגע אויף די ליפּן. זי האָט געזוכט אַ הויפּט-גאַס, וועלכע איז מיר געווען באַקאַנט. איך זאָג איר פֿאַנאַנדער און ווײַז איר גענוי וואו זי דאַרף זיך פֿאַרנעמען... גיט זי אַ וואַרעמען שמייכל און ענטפֿערט אין אַ געשליפֿענעם ענגליש, אַז זי קומט אָקאָרשט פֿון דאָרטן... געווען פֿאַרטראַכט און נישט געקוקט אויף די שילדן... "איך דריי זיך דאָ שוין אַרום אַ לענגערע צײַט", האָט זי צוגעגעבן. נישט קרעמפּירט, גיכער שעמעוודיק. דאָרט וואו מיר האָבן זיך ביידע באַגעגנט, איז בײַם ברעג פֿון טראָטואַר געשטאַנען אַ באַנק. איך האָב איר פֿאָרגעלייגט זיך אָפּצורוען. איידער וואָס ווען, בין איך שוין געזעסן און זי האָט זיך לאַנגזאַם צוגעזעצט דערנעבן. פֿאַר דעם ווי זי האָט אָנגעטאָן אַ פּאָר טונקעלע ברילן, האָב איך געכאַפּט אַ בליק, אויף איר יונגער פֿרישער הויט; פֿיינע שטריכן; ,שמאָלע בלויע וואַסערדיקע אויגן און נאַטירלעכע ראָזע ליפּן. "איך הייס פּיי מאָרין" האָט זי זיך פֿאָרגעשטעלט. איך זאָג איר מײַן נאָמען און בין גרייט עפּעס צו פֿרעגן, האָט זיך פּלוצלינג פֿון אַ זײַטיקער גאַס, באַוויזן אַ גרויסע גרופּע שול-קינדער, אין דער באַגלייטונג

פון דרײַ לערערס. זײ גײען פּאַרוועז און פּלאַפּלען צווישן זיך געמיטלעך. קענטיק, אַז זײ זײַנען געגאַנגען ערגעץ וואו אויף אַן עקסקורסיע. ס׳האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זייערע פאַרשידנאַרטיקע, קאָלירטע קליידונג. ווען די סאַמע לעצטע זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען, האָט זיך פּײ אָפּגערופן: ״שיין צו קוקן. אין די שול-מונדירן זעען די קינדער אויס אײנגאַנצן אַנדערש״. איך האָב צוגעשטימט און צוגעגעבן, אַז אַ שול-מונדיר האָט איין פּלוס – די אָרעמע קינדער טיילן זיך נישט אויס. פּײ ענטפערט נישט. זי קוקט אין דער ווײַטקײַט וואו די קינדער באַוועגן זיך און פאַרשווינדן. כ׳קוק זײַטיק אויף אירע גרימאַסעס. איך דערפיל זיך אומבאַקוועם אין דער מאָדנער שטילקײַט. מיט אַ מאָל טוט זיך פּײ אַ האַסטיקן קער צו מיר, אַזוי ווי זי זאָל זיך האָבן אויפגעכאַפּט פון אַ טיפן שלאָף. צום מאָמענט האָט זי אויסגעזען מער פאַרדאגהט ווי פאַרחלומט. ״אַנטשולדיקט״ האָט זי, ווי אין אַ פאַרלעגנהײַט, זיך אָפּגערופן. ״איך האָב זייער ליב קינדער״... אָ, אַ לערערין?״ האַלט איך אונטער מיט אַ פראַגע. ״ניין, נישט קײַן לערערין און אויך נישט קײַן מוטער... די היגע קינדער זײַנען זייער גוט אַנטוויקלט״. ״זעט אויס, אַז איר זענט אַ טוריסטין״... ״געטראָפן. צום ערשטן מאָל אין אויסטראַליע. מיט פינף טעג צוריק אַהערגעקומען פון אייראָפּע; פון ענגלאַנד. געקומען אויף אַ באַזוך צו מײַן מאַנס אַ שוועסטער... זי וואוינט אין מעלבורן. מײַנע עלטערן האָבן מיך שטאַרק צוגערעדט״... איך האָב דערהערט אַ ציטער אין איר קול, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט אָפּגעהאַקטע ווערטער און נישט פאַרענדיקטע זאַצן. מײַן אינטואיציע האָט מיך צום גליק, אויסגעהיטן פון פרעגן וואָסער נישט איז קשיות. איך שפּאַן זיך אײַן אין געדולד. פּײ רײַבט מיט דער רעכטער האַנט איר קני און מיט דער לינקער – דרייט זי אַ קנאָפּ פון איר זשאַקעט. ״מײַנע עלטערן האָבן געמיינט ס׳בעסטע פאַר מײַנעטוועגן... זײ האָבן מיר געוואָלט העלפן״. דאָ בין איך שוין געוואָרן גערונצלט פון קאָפּ ביז די פיס. ״איך קען אײַך באַגלייטן; איך

האָב צײַט". האָב איך זיך שטיל אָפּגערופן. פּיי האָט זיך באַמיט צו ענטפערן, אָבער זי האָט זיך ממש געוואָרגן... זי האָט מיט די דינע פינגער פאַרדעקט ס'געזיכט און האָט זיך צעהעשעט אויפן קול. איך בין געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערט. ס'איז געווען קלאָר, אַז פּיי טראָגט אין זיך אַ קנויל וואונדן, שפּורן פון אַ שווערער, קריטישער איבערלעבונג. איך האָב זיך שווײַגנדיק דערנענטערט צו איר און לײַכט געגלעט אירע זײַדענע האָר. ביסלעכווײַז האָט זיך ס'העשען פאַרוואַנדלט אין אַ קינדיש כליפּען, וואָס האָט געדויערט אַ לענגערע צײַט.

"איך בין געבוירן אין פּוילן; נישט געהאַט קײַן לײַכט לעבן... אַדרבא, פּיי קוקט אָן מײַן געפּאָלדעוועט געזיכט"... עס איז מיר געלונגען. זי נעמט אַרויס פון אַ טונקל ברוין בײַטל אַ מענעריש נאָז-טיכל; זי קושט עס און ווישט אַרום איר פאַרוויינט פּנים. "מײַן באָבע האָט פאַרלאָזט פּוילן פאַר דער צווייטער וועלט-מלחמה. ווען איך בין געווען אַ קליין מיידל, האָב איך בשום אופן נישט געקענט באַגרײַפן, פאַרוואָס זי האָט פאַרלאָזט איר היים; זיך צעשיידט מיט איר מוטער, צוויי שוועסטערס און דרײַ ברידער. ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָט זי מיר אַלץ אויפגעקלערט. איך בין נישט מיד געוואָרן הערנדיק, און באַוואונדערט איר דרײַסטקײַט. זי האָט אָפט גערעדט וועגן דער אָרעמקײַט, אין וועלכער די משפחה אין פּוילן האָט געלעבט. ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט זי מיר פאַרטרויט, די אמתדיקע סיבה, פאַרוואָס זי איז אַוועק פון דער היים. ווען זי איז נאָך זייער יונג געווען האָט זי זיך פאַרליבט אין אַ בחור. ער האָט זי אויך זייער ליב געהאַט. זי איז אָבער געבליבן מיט אַ צעבראָכן האַרץ, ווײַל זײַנע רײַכע עלטערן האָבן נישט דערלאָזט... "דאָך האָט אײַער באָבע גוט אויסגעשפּילט... כ'מײַן, קוקנדיק אויף אײַך, פּיי"...

"יאָ, די באָבע מײַנע איז וואויל, קלוג און זייער געדולדיק; זי

האָט אָבער למדער נישט קײן נחת, פון איר איין איינציק אייניקל״... זי ציט אָפּ דעם אָטעם און גלײַכט אויס סיקעלנערל פון איר טונקל גרין זשאַקעטל. ״זי וועט נאָך האָבן פון אַײַך נחת – איר זענט נאָך יונג״. נאָך אַ מינוט שווײַגן, האָט פּיי אָן שום שאלות פון מײַן זײַט, ווי אַן אָפּן בוך מיר דערלאַנגט די געשיכטע, פון איר זיבן און צוואַנציק יאָריק לעבן. פּיי איז געווען אַן איינציק קינד. מיט אַ סך וואַרעמקײַט האָבן זיך די עלטערן באַמיט איר צו געבן סיבעסטע פון אַלע וועלטן. אַליין געבוירענע אין ענגלאַנד, האָבן זיי ווי אַסימילירטע יידן, אײַנגעפלאַנצט אין איר אַ פונק פון יידישקײַט. זי איז געוואָקסן און זיך אַנטוויקלט אין שויס פון דער לאַנד-קולטור: ענגלישע אויסשולונג; ענגלישע פרײַנד. פון קינדווײַז אָן, דערציילט פּיי אָן אָן אָפּרו, האָט זי געשטרעבט צו זײַן אַ קראַנקן-שוועסטער. ווען זי האָט דערגרייכט די מדרגה צו קענען אַרבעטן אין אַ קינדער-שפּיטאָל, איז אַ טרוים פאַרווירקלעכט געוואָרן. ביז איצט איז זי נישט אַנטוישט אָדער אומצופרידן מיט איר פּראָפעסיע. פאַרקערט. זי האָט אַ סך דערגרײַכט. פרײַנד צווישן די קאָלעגן-מיטאַרבעטער, צו גלײַך צווישן די עלטערן פון אירע יונגיטשקע פּאַציענטן. מחוץ דער אַרבעט האָט זי ליב געהאַט שווימען, שפּאַצירן; זי האָט אַ סך געלייענט, אָבער נישט געווען איבערקלײַבעריש. זי האָט זעלטן געפילט אַ מאַנגל אין שלאָף, אַזוי אַרום פלעגט זי אָפּט לייענען און הערן מוזיק ביז עס פלעגט שוין שאַריען דער באַגינען... זי טוט אַ קוק אויפן זייגער וואָס האָט אויך געוויזן די דאַטע און טוט אַ טיפן זיפץ.

״פּונקט הײַנט מיט פינף יאָר צוריק, האָט זיך עס אַלץ אָנגעהויבן״. זי נעצט מיטן צונג אָפּ די ליפּן. איך האָב זיך באַמיט נישט אַרויסצווײַזן מײַן צערודערונג. פּונקט יענעם טאָג, האָט זי פאַרגעזעצט, ווען איר האָט געקומט אַן אָפּרו, איז ווער פון פּערסאָנאַל קראַנק געוואָרן. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל דיזשורירן. פאַרנאַכט האָט מען אַרײַנגעפירט אַ שווער פאַרוואונדעטע מיידעלע, אין אַן אויטאָ-קאַטאַסטראָפע.

פאַרשנדיק דעם פאַל האָט זי זיך דערוואוסט וועגן צושטאַנד
פונם קינדס עלטערן. אַזוי זוכנדיק האָט זי אויסגעפונען אַז די
מוטער לעבט שוין נישט און דער פאָטער איז שרעקלעך
דערשיטערט, אָבער פיזיש נישט געפערלעך. דאָס טעכטערל איז
געווען אין אַ קריטישן צושטאַנד. ״יעדנפאַלס -- כ׳האָב
באַשלאָסן צו באַזוכן דעם פאָטער. פאַרוואָס און פאַר ווען?...
״זײַנען צום קינד געקומען באָבע-זיידע, אָדער משפחה?״ – האָב
איך זיך דורכגעשלאָגן מיט אַ פראַגע. בײַם קינד האָט מען
געטאָגט און געגעכטיקט, האָט זי ווײַטער גערעדט און
געשלונגען די טרערן. טאַקע בײַ זיי האָט זי זיך דערוואוסט, אין
וועלכן שפיטאָל דער פאָטער ליגט. אין איינעם אַ פאַרנאַכט
האָט זי באַשלאָסן צו מאַכן דעם מאָדנעם וויזיט. זי האָט נישט
אויסגעטאָן איר ווײַסן כאַלאַט און איז אַוועק אין יענעם
שפיטאָל. ״איך האָב זיך אינפאָרמירט וועגן זײַן צושטאַנד פיזיש
האָבן זיי דערקלערט, וועט ער שנעל צו זיך קומען, נאָר זײַן
זעלבסט-געפיל, ווערט וואָס ווײַטער אַלץ ערגער און ערגער.
קיינער האָט בײַ מיר נישט געפרעגט וועגן מײַן שײַכות צום
פּאַציענט. מיט זייער דערלויבעניש, בין איך אַרײַן אין צימער״.

פיי בלײַבט אַ מינוט שטיל – מיט פאַרמאַכטע אויגן... דאָס בעט
איז געווען ליידיק. אַזוי ווי ס׳איז שוין געווען טונקל, האָט זי
אָנגעצונדן די ליכט, און דערזען דעם קראַנקן בײַם פענצטער.
ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איר געגאַנגען אַנטקעגן,
מיינענדיק אַז זי איז איינע פון שפיטאָל-פּערסאָנאַל.

״כ׳האָב נישט געקענט אויפמאַכן ס׳מויל, ווען אונדזערע בליקן
האָבן זיך באַגעגנט״... ווען זי האָט זיך צוזאַמענגענומען, האָט
זי אים דערציילט, אַז זי קען זײַן טעכטערל און אַז מע טוט
פאַר איר אַלץ וואָס ס׳איז מעגלעך.

״איך האָב נאָך ביז דאַן נישט געהאַט געזען, אַזאַ פּרעכטיקן

מאַן; אַזוי טרויעריק שיין... האָב איך אים אָנגעהויבן רעגולער צו באַזוכן. אין אַ קורצע צײַט אַרום, האָט מען אים אויסגעשריבן פון שפּיטאָל. אַזוי ווי ער האָט מיך נישט אָפּגעשטויסן, בין איך געגאַנגען לויפנדיק, אים צו באַזוכן. ער האָט יאָמערלעך געוויינט פאַר מיר, אויס בענקשאַפט נאָך זײַן פרוי, וועמען ער האָט אַזוי פאַרגעטערט. אין געציילטע וואָכן שפּעטער, האָט ער אויך פאַרלאָרן זײַן איינציק קינד.
עס האָט נישט געהאָלפן קײַן רייד. ער האָט באַין אופן אויף אַ האָר נישט געקענט שלום מאַכן מיט זײַן אומרחמנותדיקן גורל. ער האָט מער קיינעם נישט צוגעלאָזן צו זיך. אַפילו נישט די עלטערן, וועמענס הערצער האָבן אויך געבלוטיקט. ער האָט איינפאַך נישט געקענט פאַרנעמען די טרייסט-ווערטער, אַז די צײַט וועט העלפן פאַרהיילן די וואונדן.״

פּיי קוקט אַפילו נישט אויף מיר. אירע ווערטער קומען אַרויס ווי פון אַן אָפּגרונט און דערגרייכן צו מײַנע טיפענישן. זי איז געבליבן די איינציקע פּערזאָן, פאַר וועמען ער ט׳געקלאָגט אומאויפהערלעך. ווען זי האָט זיך דערפילט אַ ביסל דרײַסטער, האָט זי זיך באַמיט צו ציען זײַן אויפמערקזאַמקײַט צו אירע געפילן אין באַצוג צו אים. ער האָט אויף אַלע אירע דערקלערונגען און גוטע כוונות, איידל געדאַנקט, מיט אַ קוש אין שטערן... זי ברעכט זיך ווידער אײַן; וויל זיך באַהערשן און בעט מיך צען מאָל איבער.

איך האָב זיך באַמיט איר אויסצורעדן מיט בײַשפּילן, און אַז כ׳פאַרשטיי איר געמיט געפינענדיק זיך נאָך אַלץ אויף ״מײַן גאַס״ האָב איך איר פאָרגעלייגט, אַז זי זאָל מיטגיין צו מיר אַהיים זיך אָפּצופרישן.

״איך בין באמת זייער דאַנקבאַר... איך וויל אָבער, איידער עס ווערט נאָך טונקל, זײַן בײַ דער שוועסטער, איך האָב זי בלויז

איין מאָל געזען... פאַר איר קען איך נישט רעדן און זיכער נישט קלאָגן... עס איז צו פֿײַנלעך".

זי שלוכצט און זי ברענגט אַרויס, אַז נאָך צוויי טראַגישע יאָרן האָט ער זיך קוים אַ ביסל צוגעוויינט צו איר. ער האָט כּסדר גערעדט וועגן זײַנע טראַגישע פֿאַרלוסטן, און זי האָט אים געדולדיק אויסגעהערט.

"איך בין אים אַפֿילו מקנא געווען, ווײַל זיי האָבן געהאַט אַן אינטערעסאַנט צוזאַמענלעבן. ביידע פֿאַרליבט אין דער בינע-קונסט, האָבן זיי אין לאָנדאָן אָנגעהויבן צו אַרבעטן, ביידע אין איין טרופּע. ער האָט נאָכאַנאַנד באַטאָנט, אַז זײַן פֿרוי איז געווען אַ גלענצנדע אַקטריסע. הגם זיי האָבן ווייניק פֿאַרדינט, קוים אויסצוקומען, זײַנען זיי געווען גליקלעך, וואַרטנדיק אויף אָנערקענונג... די טרערן ווי טראָפּנס טוי, קײַקלען זיך אַראָפּ איבער פּייס באַקן. אויך מײַנע אויגן גייען איבער. איך כאַפּ אַ קוק אויפֿן זייגער; נעם אַראָפּ די ברילן, אָבער זי באַמערקט נישט און רעדט ווײַטער: "דאָך, איז ער נאָך לאַנגע שמועסן אײַנגעגאַנגען, אַז איך זאָל זיך אַרײַנציען צו אים אין זײַן קליינער, וואַרעמער היים. די עלטערן האָבן זיך אין גרויס צער, געהאַלטן פֿון דער ווײַטן. איך בין אויף אַלץ אײַנגעגאַנגען"...

פּיי נעמט אָן מײַן האַנט. קענטיק, אַז ס'האָט איר אויסגעפֿעלט כּוח צו פֿאַרענדיקן, דעם פֿאַרוואונדעטן קאַפּיטל פֿון איר יונג לעבן. איר האַנט אין מײַנער האָט געציטערט ווי אַ פֿיצל קינד אין קאָנוואולסיעס. "למײַדער איז ער געבליבן בײַ ס'זײַניקע, אַז ער קען אָן זיי נישט לעבן; ער האָט זיך באַשולדיקט אין זייער טראַגישן סוף. איך האָב באַמערקט אַ געוויסע ענדערונג. וואָס אַ טאָג ווײַטער האָט ער ווייניקער גערעדט און כּמעט אויפֿגעהערט צו דערמאָנען זייערע נעמען. עס האָט מיר שטאַרק

געשראָקן און כ׳האָב אַ צעטומלטע געשטופּט די צײַט. אָט דעם פֿאַרנאַכט, האָב איך זיך אַ ביסל פֿאַרזאַמט בײַ דער אַרבעט. ווען איך האָב האַסטיק אַ מאַך אויף געטאָן די טיר, איז ער שוין געווען קאַלט. אויפֿן טיש אַ קליין צעטעלע – אַ דאַנק דיר, פּיי.

״איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט... אויך ער האָט מיך גערן געזען און רעספּעקטירט... ערשט איצט פֿיל איך זײַן ווייטיק, וועלכן כ׳האָב פֿריער בלויז מיטגעפֿילט״... מיר האָבן ביידע זיך גלײַך אויפֿגעשטעלט. זי ווייסט שוין וואו די הויפּט-גאַס געפֿינט זיך... מיר האָבן זיך געזעגנט אָן ווערטער. פֿון ווײַטן זײַנען אָנגעקומען די זעלבע שול-קינדער אין די בונטע קליידער.

## דורך קינדישע אויגן

געשען איז עס ווינטער-צײַט. מסתּמא אום אַ פּרײַטיק – בלויז פּרײַטיק פלעגט מײַן מאַמאַ, ווי מיר פלעגן זי רופן, ענדיקן די אַרבעט פרי און פאַר איין וועג ברענגען אַהיים דאָס טעפּל געקעכטס, וועלכעס איז אינדערפרי פאַררוקט געוואָרן, אינים גרויסן אויוון פון אַ בעקערײַ. די בעקערײַ האָט געהערט צו יאָסל שמולעוויטש. יאָסל דער בעקער איז געווען אַ הויכער אַ דיקער און ווי מענטשן פלעגן דערציילן, האָט ער ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן.

זײַן ווײַב טויבע די בעקערקע, איז געווען אַ שיינע, גוטע פרוי. זי האָט שטענדיק אויסגעזען מיד און אָפּט דערשלאָגן. איך האָב אַמאָל אַ שטעל געטאָן דער מאַמאַ אַ קלאָץ-קשיה, צי דער שטאַרקער בעקער, מיט די גרויסע הענט, שלאָגט נישט דער שטילער ווײַב זײַנער. די מאַמאַ האָט קוים געשמייכלט און געשוויגן. איך געדענק באַשיימפּערלעך, אַז די בעקערקע וועלכע האָט זיכער קײַן הונגער נישט געליטן, האָט דאָך שטענדיק אויסגעזען נעבעכדיק און אַרויסגערופן רחמנות. טויבע, ווי די מאַמאַ פלעגט דערציילן, איז געווען אַ מיטגליד פון "בונד". דעמאָלט ווען זיי האָבן געעפנט די בעקערײַ און זי האָט געמוזט אַרבעטן טאָג און נאַכט, האָט זי נישט געקענט זײַן אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע. ווען די בעקערײַ איז געוואָרן אַ גוט געשעפט, האָט זי נישט פאַרגעסן אירע חברטעס, וועלכע זײַנען געווען אָרעם. איר מאַן יאָסל, האָט זיכער דערוועגן נישט געטאָרט וויסן. טויבע מיט מײַן מאַמאַ האָבן זיך ליב געהאַט און מיט געטרײַשאַפט האָט זי אונדז אַ סך געהאָלפן.

דאָס טעפּל צום בעקער פלעג איך אַוועקטראָגן, גייענדיק אין שול אַרײַן. עס איז געוואָרן צוגעדעקט מיט אַ ברוינעם פּאַק-פּאַפּיר און אַרומגעבונדן מיט אַ שטריקל, אַז ס׳מאָגערע

עסן זאָל נישט ווערן אויסגעטריקנט. כאָטש ס׳איז נישט געווען ווײַט צו דער בעקערײַ, האָב איך אין די פּראַסטיקע טעג זיך געמוזט אָפּשטעלן; אַוועקשטעלן ס׳טעפּל אויפֿן אַספֿאַלט און אָנהויכן די פֿינגער, וועלכע פֿלעגן שטעכן פֿאַר קעלט. די מאַמאַ פֿלעגט זייער פֿרי גיין צו דער אַרבעט. אין איינע פֿון די גרעסטע טעקסטיל-פֿאַבריקן אין ביאַליסטאָק, האָט זי געשמט אַלס גוטע נופֿערקע. די פֿאַבריק האָט זיך געפֿונען אויף דער זעלבער גאַס, וואו מיר האָבן געוואוינט. איך בין דאָרט געווען אַן אָפֿטער גאַסט. דאָס ערשטע מאָל, שול-פֿעריען, האָט מיך די מאַמאַ מיטגענומען מיט זיך. איך געדענק עס ווי איצט, אַז איך האָב אויך באַקומען אַ נופֿ-אײַזן. מיט גרויס חשק האָב איך פּרובירט צו העלפֿן. די אַרבעטער האָבן געשמייכלט אונטער די וואָנצעס, פֿון מײַן ״פֿלייסיקײַט״ און פֿאַרנעם... מיט דער צײַט, פֿלעג איך זיך אַליין שעמעוודיק אַרײַנשלײַכן. איידער וואָס-ווען פֿלעג איך זיך עטלעכע מאָל אַראָפּגליטשן, פֿון דער ברוינער פֿאַרענטשע, וועלכע האָט זיך געשלענגלט איבער די געדרייטע שטיגן. דערנאָך האָב איך זיך אַרײַנגעשאַרט אינעווייניק, וואו ס׳איז געווען אַ גרויסער טומל. די וועב-שטולן האָבן געקלאַפּט און די אַרבעטערס האָבן געמוזט שרײַען, עפּעס צו זאָגן. איך האָב ממש ליב געהאַט דאָס קלאַפּערײַ און דעם גערויש. ווען איך בין דרײַסטער געוואָרן, פֿלעג איך אַ מאַרשיר טאָן צום טאַקט; אונטערשפּרינגען און צוזינגען אין זיך. איך האָב זיך צוגעקוקט ווי די שפּול-מאַשינען דרייען זיך און דאָס גאַרן וויקלט זיך אויף גרויסע שפּולעס, פֿון וואָס דער וועבער האָט געוועבט. מײַן מאַמאַ האָט איבער אַ לאַנגן טיש, געצויגן די שווערע שטיקער סחורה און מיטן נופֿ-אײַזן אַרויסגעצויגן די קניפּלעך, וועלכע זײַנען פֿעלערהאַפֿט פֿאַרוועבט געוואָרן אינים שטאָף. די מאַמאַ האָט גענופֿט און איך האָב זיך אויף איין פֿוס ״אויסגעלערנט״ ס׳פֿאַך. די מינוטן ווען כ׳האָב שטיפֿעריש צוגעלייגט מײַן ״וויכטיקע״ האַנט און געהאָלפֿן (אָדער שווערער געמאַכט) שלעפּן די שווערע שטיקער סחורה, זײַנען געווען

גליקלעכע.

דער וועכטער בײַם אַרײַנגאַנג פֿון פֿאַבריק, האָט זיך ווי געמאַכט נישט זעענדיק, ווען איך בין אַדורך דורכן טויער. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז דער פֿאַבריקאַנט יואל מאַריין, האָט אָנגעזאָגט דעם אַלטן וועכטער, אַז ער זאָל זיך נישט מאַכן קוקנדיק און מיך אַרײַנלאָזן. ער האָט געוואוסט אַז איך בין געווען אַן האַלבע יתומה. איין מאָל האָט יואל מאַריין מיך דערזען אין הויף און מיך אַ גלעט געטאָן איבער מײַנע האָר. איך האָב דעמאָלט באַשלאָסן, אַז ער האָט מיר נישט פֿײַנט און כ׳האָב וועגן דעם גלעט, דערציילט דער מאַמאַ. די מאַמאַ האָט נישט ווילנדיק, צעשטערט מײַן פֿרייד. „אַלוואי וואָלט ער אַזוי גוט געווען צו די אַרבעטער, ווי צו קינדער״, פֿלעגט זי טענען. „ווען עס קומט צו דערלייגן אַ גראָשן, ענטפֿערט ער נישט אויף קײַן גוט-מאָרגן. און ווען נישט דער טעקסטיל-פֿאַראיין, וואָלט ער געוואָרן נאָך רײַכער און די אַרבעטער וואָלטן אויסגעגאַנגען פֿאַר הונגער. „יאָ ער האָט זייער ליב געהאַט קינדער״, האָט זי באַשטעטיקט און, אַז יעדער מענטש האָט ליב וואָס אַ צווייטער האָט און ער קען עס נישט דערגרייכן. יואל מאַריין האָט נישט געהאַט קײַן קינדער. ער איז געווען אַ „בעזדזעטניק״, פֿלעגט מען זאָגן אין ביאַליסטאָק. די מאַמאַ האָט אָפֿט גערעדט וועגן אים מיט פֿאַרביטערונג, אָבער ער איז פֿאָרט געווען איר ברויט-געבער.

ווען איך האָב געפֿרעגט דער מאַמאַ, וואָס עס טוט דער פֿאַראײַן, האָט זי מיר דערקלערט, אַז דער פֿאַראײַן העלפֿט די אַרבעטער און צווינגט אויף די פֿאַבריקאַנטן צו נאָכגעבן געוויסע פֿאָדערונגען. ווי עס זאָל נישט זײַן, איז יואל מאַריין פֿאַרבליבן בײַ מיר אין זכּרון, אַזוי ווי איך האָב אים געזען אַלס קינד; אַ טונקעלע הויט און שיין געקליידעט. ווען איך האָב שפּעטער אַלס דערוואָקסענע, אַמאָל אַ טראַכט געטאָן

וועגן אים, בין איך געקומען צום אויספּיר, אַז דער אָנגעזעענער טעקסטיל-פּאַבריקאַנט, איז מסתּמא טאַקע נישט געווען קײַן צדיק, אָבער צו מיר אַלס קינד – איז ער געווען גוט.

יעדן צווייטן אָוונט פלעגט מיר די מאַמאַ מיטנעמען אין גאַרבער-פּאַראַדײַז. אויפן וועג אַהין, פלעגט זי אײַנקויפן סאָדע-וואַסער צום טרינקען; עטלעכע סאָרטן פרוכטן און אַ ביסל זיסוואַרג. אין פּאַראַדײַז פלעגן מיר עסביידע אויסלייגן אויף אַ טישל. דאָס האָט געהייסן אַ "בופעט". אַלע, ווען איך האָב געקענט האָבן געוואוסט, אַז די שיינע שיינע-רייזל די נופערקע – האַלט אַ "בופעט", עפּעס וואָס צו פאַרדינען, כּדי צו שטוקעווען די חיונה. די סאַמע ערשטע האָב איך דערפון אָפּגעלעקט אַ ביינדל. די גאַרבאַרעס האָבן אין מײַנע אויגן, אַלע אויסגעזען היכע, שטאַרקע מענטשן. אַ ריח פון לעדער האָט זיך פון זיי געטראָגן. ווער ס'האָט עפּעס געקויפט בײַם "בופעט", האָב איך געקריגן צו פאַרזוכן. איך פון מײַן זײַט, פלעג זיי שיין באַדאַנקען. פאַר זיי אָבער איז מײַן דאַנק, געווען צו ווייניק. ווער ס'האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, האָט מיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ טיש און מיר געהייסן דעקלאַמירן. לאַנג האָט מען זיך בײַ מיר נישט געדאַרפט בעטן. אַמבעסטן האָבן זיי ליב געהאַט, ווען איך האָב געדונערט:

קוימענס און פאַבריקן
גאַסן און לאַמטערן,
קינדער אין די וויגן,
וועלן גרויסע ווערן,
וועלן זיי מיט האַמערס
און מיט צוואַנגען –
אומעטום דערלאַנגען;
עס איז אַ וועלט אַ שיינע
פאַר יעדערן פאַראַנען!

מיט פלאַמען אין די הערצער,
פײַער אין די בליקן,
גליק און פרייד וועט שײַנען,
אויף קוימענס פון פאַבריקן...

(דעם נאָמען פון דיכטער געדענק איך נישט) אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ; געהויבן מיך אין דער לופטן און געקושט מיט פאָטערלעכע ליבע. אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ "שותּפטע" צו דער מאַמאַס צווייטן "געשעפט" ווען איך בין אַליין געוואָרן אַ מוטער, האָב איך זיך געטרייסט, אַז אפשר דעמאָלט, האָט זי געהאַט אַ טראָפּן נחת פון מיר.

פרײַטיק איז דער "בופעט" געווען פאַרמאַכט, דעריבער מיין איך, אַז עס איז געווען אום פרײַטיק, ווען די מאַמאַ האָט מיך צוגעפירט צו ראַג "ליפּאָווע", וואו ס'זײַנען געווען פאַרזאַמלט אין אַ קרענצל דערוואַקסענע קינדער. אינמיטן איז געשטאַנען אַ שלאַנקע פרוי. איך קען אַרויסרופן איר געשטאַלט: פּעך שוואַרצע האָר; שמאָלע גלאַנציקע, שוואַרצע אויגן און אַ מויל ווײַסע ציין. מײַן מאַמאַ האָט זיך מיט איר צעקושט. ווי ס'האָט אויסגעזען האָט די מאַמאַ איר געדאַרפט צוהעלפן. נישט ווייסנדיק וואו אַהין מען גייט, האָט זיך מיט אַ מאָל, אַ וואַרעמע פרייד צעגאָסן אין מיר. כ'האָב זיך דערפילט, סײַ שטאָלץ; סײַ זיכער. די צוויי דערוואָקסענע פרויען, (די מאַמאַ איז געווען די עלטערע) האָבן אונדז פּאָרווײַז אַרײַנגעפירט אין אַ קליינעם צימערל אָן פענצטער. ס'האָט ווער אָנגעצונדן אַ ליכט און עס אײַנגעשמאָלצן אין אַ בלעכל. איך האָב אַלץ געזען, געהערט און געשטוינט. פון אָנהויב האָבן אַלע גערעדט צוזאַמען. די קינדער האָבן גערופן דער פרוי – "הברטע שאָשקע". זיי האָבן איר געבעטן זינגען. זי האָט זיי צוליב געטאָן. איך געדענק נישט וואָס זי האָט געזונגען, אָבער איך געדענק, אַז זי האָט געזונגען ווי אַ קאַנאַריק. (עס איז געווען

שאָשקע פּליגעל ערליך, וועלכע וואוינט אין ניו־יאָרק.) שפּעטער האָט זי גערעדט וועגן שיינע זאַכן, ווי מען דאַרף זײַן גוט איינער צום צווייטן; וועגן שלום און פֿרײַהײַט. די קינדער האָבן אָנטייל גענומען אין שמועס. איך האָב זיך דערפֿילט קרעמפּירט, ווײַל איך האָב ווייניק פֿאַרשטאַנען. איך בין זיי געווען מקנא. צום סאַמע סוף האָט שאָשקע געזאָגט, אַז איך בין אַ נײַע סקיפּיסטקע און זי וועט זען צו וועלכן קרײַז מען וועט מיך צוטיילן. זי האָט מיר געפֿרעגט איין פֿראַגע, צי איך ווייס וואָס עס באַדײַט דאָס וואָרט "סקיפּ". זי האָט אַרויסגעהאָלפֿן: "סאָציאַליסטישער קינדער פֿאַרבאַנד".

ווער איז דעמאָלט געווען גלײַך מיט מיר?... איך געדענק ביז עד היום סיגעפּיל פֿון גליק, וואָס האָט מיך דאַן באַהערשט, טראָץ דעם וואָס איך האָב שוין פֿריער געהערט וועגן "סקיפּ". איך האָב שוין געקענט און ליב געהאַט די בונדישע לידער. מײַן מאַמאַ שיינע־רייזל האָט געהאַט אַן אָנגענעמע, זיסע שטימע. זי האָט געהאַט ווייניק בילדונג, אָבער זייער אַן אַרבעטזאַמע.
זייער אַקטיוו אין "בונד", אין "יאַפּ" ווי אויך אין טעקסטיל־פֿאַראײַן. ווען אירע פֿרײַנד — די "חברה" פֿלעגן זיך אַרײַנלאָזן אין אונדזער קליינער דירה, פֿלעגט מען זיך צעזינגען אויפֿן העכסטן קול. אַלערליי לידער — פֿון קאַמף און פֿון ליבע און דער מאַמאַס ליידיקער מאָגן האָט זיכער צוגעשפּילט צום טאַקט... איך האָב זייער ליב געהאַט די גוטע מענטשן. זיי פֿלעגן אָפּט מאָל מיטברענגען מיט זיך געשמאַקע זאַכן, מחיה זיך צו זײַן. ווי ווײַט איך געדענק, האָב איך נישט צו פֿיל אָפּגעפֿרעגט; נישט געפֿרעגט קײַן קשיות. עס איז געווען פֿאַר מיר אַ נאַטירלעכע דערשײַנונג, אַז איך געהער דעם "סקיפּ" און דער "סקיפּ" איז מײַנער.

ס'האָט צו לאַנג נישט געדויערט און דער אינטערעס צו די פּראָבלעמען, וועלכע מען האָט באַהאַנדלט אויף די

„סקיפּ"־קרײַזן איז געוואַקסן. כ'האָב פיבערדיק, מיט נײַגער און בענקשאַפט, געוואַרט אויף סוף־וואָך, איך זאָל קענען שפּרינגענדיק לויפן קילאָמעטערס – צום „סקיפּ"־לאָקאַל. עס איז דאָרט גוט געווען! אַ צײַט – פאַר שפּילערײַען; אַ צײַט – פאַר לערנען.

אַמשטאַרקסטן האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זכּרון, די צוגרײַטונגען צום אַרבעטער־יום־טוב־ערשטער מאַי. אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, האָב איך עס פאַר מײַנע אויגן און אין מײַן בלוט. די נאַכט פאַרן ערשטן מאַי, האָב איך נישט געקענט שלאָפן. די מאַמאַ האָט באַקומען פון עמעצן, אַ געניצטע בלוזע, בלוי ווי דער הימל, האָט מען עס געדאַרפט אויסוואַשן; מײַן שוועסטער וועלכע האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט גיין אין „סקיפּ" און נישט אין ערגעץ, האָט אַרומגעזיימט אַ שטיקל רויטן שטאָף און געמאַכט פאַר מיר דעם „סקיפּ"־קראַוואַט. שפּעטער אויפבלאָזן די קוילן אין פּרעסאײַזן; דאָס פּרעסן און דאָס אויספּוצן זיך, איז געווען אַ דערהויבענע איבערלעבונג. אַ ליבער שיינער יום־טוב. אויף דער מאַי־דעמאָנסטראַציע, האָב איך בלויז איין מאָל, געהאַלטן אַ שפּיץ פון דער פאָן. געוואָלט האָב איך מער ווי דאָס אָבער כ'האָב זיך אויף מער נישט געהאַט פאַרדינט.

ערשט אויפן זומער־לאַגער, האָב איך זיך אַ ביסל געסטאַטקעוועט. עטוואָס ערנסטער געוואָרן און זיך צוגעהערט צו די קרײַז־פירערס. כ'האָב אָנגעהויבן אַרײַנצוקוקן אין אַ צײַטונג; געהאַט אַמביציע זיך צו אָריענטירן אין פאַרשיידענע ענינים, כּדי צו קענען זיך פאַרגלײַכן מיט די יינגלעך.

אַ קײַלעכדיקן יאָר האָב איך געבענקט נאָך דעם זומער־לאַגער. געטרוימט וועגן לאַגער־פײַער; געבראָמט די שטימונגס־לידער און דער עיקר – די פרײַהײַט און דער דרויסן. וואָס פאַר אַ פּאַראַדאָקס! ווען די מאַמאַ פלעגט מיר קומען באַזוכן אויפן לאַגער, (זעקס קילאָמעטער, צופוס) פלעג איך איר נאָכלויפן

מיט אַ געוויין, ווען זי האָט צוזאַמען מיט אַלע עלטערן, געדאַרפט צוריק אַהיים גיין... אין "סקיפּ" שפּעטער אין "צוקונפט", האָבן אונדז די קרײַז-פירערס אינספּירירט אָנצוהייבן צו טראַכטן זעלבשטענדיק און אַזוי אַרום באַוואויגן צו דערגרייכן אַ געוויסן ניוואָ פון אַן אינדיווידיום.

נאָך אַלעמען, אין אָנבליק פונים הײַנטיקן וועלט-סדר ווען דער מענטש געפינט זיך אין פּסדרדיקן געראַנגל מיט דער שיינער וועלט און מיט זײַן קאָמפּליצירטן כאַראַקטער, קען איך מיט שטאָלץ זאָגן, אַז איך בין נישט אַנטוישט אין מײַנע געוועזענע לערערס און פירערס. מיט אָנערקענונג פאַר זיי, דערמאָן איך זיך די גוט פאַרבראַכטע יאָרן אין "סקיפּ", "צוקונפט" און "בונד". ווײַל די וועלט איז אַזוי ווי זי איז, זײַנען די אידעאַלן – פאַר אַ בעסערן מענטש, נאָך אַלץ שיין און אַקטועל. בײַ מײַן רײַפן עלטער פיל איך אין זיך – טיפע, קרעפטיקע שפורן, פון אָנגעהעריקײַט צו דער וואַרעמער משפּחה; די אויסגעפּרוּווטע – בונדישע משפּחה.

דערמיט באַגריס איך דעם "סקיפּ" צום זעכציק יאָריקן יובל. איך בין איינע פון אײַערע געטרײַע פרײַנד און וועל אַזוי פאַרבלײַבן, ביז די לעצטע טעג פון מײַן לעבן.

## ערב דער באַפֿרײַאונג — אין בערגען־בעלזען 1945

איך בין זייער נײַגעריק וואָס מענטשן וועלן טראַכטן, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן וועגן אונדזער לעבן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן. וועגן אַ לעבן אײַנגעטונקען אין אַנגסטן פֿון טויט-שרעק. פֿאַרצאָרנט און פֿאַרליטן פֿון הונגער און דערנידעריקונג. נישט איין מאָל האָבן ליפּן געמורמלט, אַז אפֿשר וואָלט שוין בעסער געווען אין גאַז-קאַמער צו גיין, וואו ס'וואָלט אַ סוף גענומען צו די קרעץ און לײַז, צו די געשוואָלענע גלידער און צו די אַלע הייִשעריקן, וועלכע האָבן געלויערט פֿון אַלע זײַטן. מיר, די אַכט מיידלעך, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, האָבן אויבנאויפֿיק פֿעסט באַשלאָסן, אַז סײַ ווי מוז דער מענטש איין מאָל שטאַרבן — איז וואָס איז דער חילוק? פֿונדעסטוועגן, אַזוי ווי ס'איז געקומען צו אַ "סעלעקציע", איז דאָס האַרץ פֿאַרגאַנגען אין ווייען און יעדע איינע פֿון אונדז האָט געוואָלט אײַנשרינקען, ווערן אומזעבאַר. אינסטינקטיוו קאָמבינירט — אַ טריט רעכטס, אַ האַלבן לינקס, פֿאָראויס און צוריק. טייל מאָל, נישט פּילנדיק און נישט ווילנדיק, זיך דערווײַטערט פֿון אַ לאַגער-שוועסטער. יעדע איינע פֿון אונדז האָט באַזונדער געזוכט דעם מזלדיק-סטראַטעגישן פּונקט, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן ווייניקער באַדראָט... נאָך דער "סעלעקציע" — אַ גליק! מען קושט זיך אויף די פּריטשעס. מען לעבט ווידער... אַז אָך און וויי צו אַזאַ לעבן. די אויוונס ברענען טאָג און נאַכט. דער געשטאַנק פֿון ביינער; דער רויך און די פֿלאַמען פֿון די קוימענס האָט מאָמענטאַל דערשטיקט די פֿרייד. אַזוי ווי די גריזשאָטע פֿון הונגער האָט נישט אָפּגעטראָטן, האָט מען ווידער אויף זיך דעם טויט געבעטן. ס'איז דער ערשטער יאַנואַר 1945. מיר שטייען גרייט אַרויסצומאַרשירן פֿון בירקענאַו. ס'איז אַ פּראַסטיקע נאַכט. דער פֿלאַכער שניי סקריפּעט אונטער די הילצערנע שיך, אויף די בלויזע געשוואָלענע פֿיס. ווען מיר

זענען אויפן באַפעל אַרויס פון טויער, נישט האָבנדיק קיין שום אָנונג, וואו מיר וועלן מגולגל ווערן, האָט זיך ווידער אַ מאָל דערוועקט אַ שפּאָגל נײַער, אומגעהײַערער דראַנג צום לעבן. אַ געמיש פון געדאַנקען האָבן אַ פלייץ געטאָן. אפשר פירט מען אונדז ערגעץ, וואו מען נויטיקט זיך אין יונגע, געשיקטע אַרבעטערינס... אפשר דאָך? געציילט האָט מען אונדז ווי בריליאַנטן. צום צוג האָט אונדז באַגלייט אַ שטרענגע וואַך פון ס.ס.-לײַט. אַרום טויזנט פרויען האָבן מאַרשירט, באַוועגנדיק זיך ווי אַ שווערער שוואַרצער וואָלקן. אין גרעסטן טייל יונגע פרויען פון אונגאַרן און פּוילן, אין עלטער צווישן צוואַנציק און דרײַסיק יאָר. אין אַלע קאַצעטן וואו מען האָט אונדז שוין געהאַט אַרומגעשלעפּט, זײַנען די פּאָרמאַליטעטן און סעגרעגאַציעס געווען פון איין שניט: פאַר זיי — אַ שפּיל, פאַר אונדז — פּײַן און פּחד. פאַרשעמט און פאַרצווייפלט. ווי עס זאָל נישט קלינגען, זענען די אַזוי גערופענע "רײַזעס" פאַרבליבן אין מײַן זכּרון ווי די בעסערע טעג פון די פינצטערע, טראַגישסטע יאָרן מײַנע. דאָס פאָרן אָדער וואַנדערן פון איין בראַך צום צווייטן, האָט אויפגערודערט ס'געמיט, וואו אַ שטויבעלע האָפענונג האָט אויף אַ ווײַלע אַ טרייסל געטאָן דעם גלײַכגילט.

הײַנט שטייט אונדז פאָר אַ רײַזע פון דרײַ מעת-לעת, האָבן זיי געמאָלדן. גוט: אַוועק פון די גאַז-קאַמערן; די קוימענס. מען שטייט שוין אין באַן. עס געלינגט מיר זיך דורכצושטופּן צום פענצטער. איך קוק צום הימל. איך קוק אויך אַראָפּ און באַדויער יעדעס שטיקל ערד, וואָס אַנטלויפט און בלײַבט ערגעץ, אָבער איז פאַרשוואונדן פאַר אונדז. די ערשטע אויפשריפטן אין דײַטש, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויפן וועג, האָבן קלאָר געמאַכט (אומגעפער) אין וועלכער ריכטונג מיר פאָרן. דורך די שפּאַרעס האָט פון צײַט צו צײַט זיך אַרײַנגעשלײַכט אַ מילד ווינטל, וואָס האָט געקרעפטיקט דעם

ווילן זיך צו שטאַרקן. אַזוי שטייענדיק בײַם פענצטער, דערפיל איך ווי די קני ברעכן זיך אונטער; דער קאָפּ אַזוי פּוסט און לײַכט און אָט געפין איך זיך אין אַן אַנדער וועלט... ליכטיק ציכטיק און פרײַ. אַנשטאָט דעם וואַגאָן מיט די "העפטלינגער", לויף איך גאָר אַרום אויף אַ שיינעם זוניקן פּלאַץ... אַ זאָרגלאָזע, אַ גליקלעכע... אַ ריין גרינלעך וואַסערל שלענגלט זיך אין זיג-זאַגן, וואו קינדערלעך פליעסקען זיך, שטיפן און לאַכן... איך דערזע מײַן שוועסטער, וועמענס קאָפּ מיט שוואַרצע לאָקן, דעקט דאָס וואַסערל ביסלעכווײַז צו... אָט דערהער איך דאָס קוויטשען פון מײַן אײַגענער שטימע... כּ׳דערפיל ווי מען פּאַטשט מיך אין די באַקן און אָט רײַסט מען מיך אַרויס פון זיסן טרוים. איך קער זיך אום צו דער טרויעריקער ווירקלעכקײַט. אין באַן איז שרעקלעך ענג. עס ברעכן אויס קריגערײַען. מען שטופּט זיך. מען רײַסט זיך פאַר די האָר, מען ספּאַזמירט און מען וויינט אין דער שטיל. ווען די נאַכט פאַלט צו און עס ווערט אויף אַ מינוט רויק, דאַכט זיך צײַטנווײַז, אַז מיר שטעלן פאָר מיט זיך אַ טויטע אומנוצלעכע משא. ווען אַ פרישער געיאָמער ברעכט אויס, ווייס איך באַשײַמפערלעך, אַז מיר זײַנען אַ לעבעדיקער קנויל פון פּײַנלעכע צרות וואו סיקלאַפּן הערצער. וואו ס׳פּלאָנטערן זיך געדאַנקען אין אַ געדריי, אָן אַן אויסוועג אָנצוקוקן די פרײַע ליכטיקע וועלט. איך זיץ די פיס אונטער זיך, די אויגן ווילן זיך צושליסן, אָבער דער טעמפּער גערויש קלאַפּט זיך אָפּ אין שאַרבן. אוממעגלעך צונויפצובינדן איין געדאַנק מיט אַ צווייטן. דאָך, דער אומעט אין דער טיף אַרבעט פלײַסיק. עס דויערט אַן אייביקײַט. דער באַגינען קײַקלט זיך אַרויס, פירט אויס לאַנגזאַם זײַן מעכטיקע ראָל און די נאַכט פאַרשווינדט. מען פאָרט און מען פאָרט... אַ ביסל ווײַטער דרינגען בלײַכע זון-שטראַלן אַרײַן דורך די שפּאַרעס. עס גלעט. איך טראַכט דערבײַ, אַז די זון וויל בשום אופן נישט מסכּים זײַן, אַז מיר זענען "פאַרברעכערס"...

ווען די דרײַ מעת-לעת האָבן זיך דערנענטערט צום סוף, האָט

דער סאַמע ערשטער באַפעל "אויסשטעלן" פאַרפעסטעט די פרישע לופט. עס ווערט אַ שרעקלעכע מהומה. יעדערער זוכט דעם "באַגאַזש", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ טאָרבע געמאַכט פון האָלץ-פאַפיר, וואָס האָט אויך געדאַרפט דינען צו באַשיצן זיך פון ווינט אָדער פון שניי. יאָ, אַ שטיקל ברויט אויף איין צאָן. אָט אָבסערוויר איך שוין אונדזערע נײַע באַלעבאַטים, וועלכע שמײַסן מיט די בליקן און מיט זייערע פאַרשײַטע באַפעלן. אין יעדן איינעם פון זיי, באַרעכטיקט אָדער נישט, האָב איך געזען די מערדערס פון מײַנע נאָענטסטע. די אויסערלעכע און אינערלעכע וואונדן טריפן אָן אויפהער. מיר מאַרשירן שוין ווידער ווי ס'וועזט אויס צו אַ צווייטן "קאַצעט". מיר גייען פאַרבײַ ריזיקע פלעצער פול מיט געבײַדעס, וואו ס'יוואוינען און פלאַנירן אונדזערע דירעקטע שונאים. וואָס ווײַטער ציען זיך מיט דראָט אַרומגעצוימטע שטיקער ערד וואו ס'אַרבעטן קריגס-געפאַנגענע. איך באַמי זיך פאַמעלעך צוצושאַרן און גיין פאַראויס פאַזע דעם דראָטענעם פאַרקאַן: "יידן! יאָ, יאָ אַ סך יידן צווישן זיי", רוף איך זיך אָפּ אויפן אויער פון מײַן "לאַגער-שוועסטער". זייערע אויגן – אַרויסגעסטאַרטשעט, וואַרפן צעשראָקענע בליקן. אויסגעדאַרטע גלידער. קענטיק, אַז זיי לעקן דאָ נישט קײַן האָניק.

אָנגעקומען קײַן בערגען-בעלזען. די פרויען שטופּן זיך בײַם אַרײַנגאַנג אין אַ מגושמדיקן באַראַק. איך שטופּ זיך אויך מיט אַלע כּוחות. מײַן "לאַגער-שוועסטער" איז חרוב קראַנק. שוין אַ לענגערע צײַט ווי זי עסט כּמעט גאָר נישט. איך עס אויף איר צוטיילונג ברויט. איך מוז זי שלעפּן אויף דער ערד, אָדער אויף דער פּלייצע. ווי נישט איז זיצן מיר שוין. מען קאָן עס אַפילו נישט אָנרופן "אַ הינטישער געלעגער". אײַנגעפּרעסט ווי הערינג אין אַ פאַס. דער דיל איז שמוציק און האַרט. שפּין-וועבס אין יעדן ווינקל. די אומגעלומפּערטע הויכקײַט פון דער געבײַדע ווירקט אויף מיר ווי אַ טיפער אָפּגרונט און די שפּינען מיט די

האַלבע מתים שפּיגלען זיך אין טײַכן טרערן. אין שמאָלן דורכגאַנג שפּאַצירט שוין מיט רציחה אַהין און צוריק די "נאַכט-וואַכע". די היסטעריע גרייכט צו די הימלען, נוצן זיי די נאַגײַקעס. זיי פּאַסעווען אויף רעכטס און אויף לינקס. ס'ווילט זיך אויסציען די פיס, נאָר אַזאַ לוקסוס איז נישט צו דערוואַרטן. הענט און פיס האָבן זיך אַזוי אײַנגעדרייט און אויסגעמישט צוזאַמען, אַז אַ זײַטיקער וואָלט זיך נישט אָריענטירט וואָס ס'געהערט צו וועמען. כ'וואָלט זיך גערן אויפגעשטעלט און אַרויסגעקוקט דורך דער שמוציקער שויב, קען איך זיך נישט אַרויסקריגן. אַגב וואָלט דער פּלאַץ מײַנער אָנטרונען געוואָרן. די ערשטע נאַכט האָבן סירענעס נאָכאַנאַנד געוואָרנט וועגן קאַמפן, וואָס גייען אָן אין דער לופטן. פאַר אונדז – וואָס שטאַרקערע קלעפּ פון באָמבעס, אַ דערפרייאונג – אַהער אָדער אַהין. ווען עס ווערט צוריק שטיל און פינצטער ווי אין אַ קבר – פּרעסט די אַנטוישונג. אין איצטיקן מאָמענט עקזיסטירן נישט קײַן קאָלירן. כ'בין עס אַפילו נישט מסוגל אַרויסצורופן אין געדאַנק, אויך נישט אין חלום. אַלץ איז שוואַרץ, שוואַרץ...

איין לאַסט איז דאָ אַראָפּ פון אונדז. אין דער פרי באַדאַרף מען זיך נישט אָנטאָן, ווײַל מען שלאָפט אין אָנטועכץ. מען דאַרף בלויז אַרײַנטאָן די פיס אין כאָדאַקעס – און זײַן גרייט אויף יעדן רוף. זיי זוכן אויס שווערע אַרבעט פון אונטער דער ערד. די זעלבע קלעצער, וואָס מיר האָבן געשלעפּט אַהין, שלעפּט מען הײַנט צוריק אַהער. אבי אונדז פּײַניקן. מיר ווערן פון טאָג צו טאָג שוואַכער. קוים וואָס מען זשיפּעט. ס.ס.-מענער מיט זייערע טרענירטע הינט, האָבן אונדז פלוצלינג געפירט אויף אַ נײַעם אַרבעטס-פּלאַץ. פון גאַנץ פרי ביז שפּעט האָבן מיר געגראָבן אַ ליימיקן באָדן. איך האָב בשום-אופן זיך נישט געקענט דערטראַכטן דעם צוועק פון אונדזער אַרבעט. אומזין, אַן אַבסורד אין פולן זין פון וואָרט. ס'איז נאָך אַלץ געווען

קאַלט אין דרויסן און אינעווייניק האָבן זיך וואָס אַ טאָג
ווײַטער געמערט די צאָל קראַנקע, וועלכע זײַנען שוין מיט
״מזל״ באַפרײַט געוואָרן פון דער ״קאָמאַנדע״. עפּידעמיעס פון
אַלע מינים. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. די טויטע פלעגט
מען אַרויסוואַרפן לעבן באַראַק. ווער ס׳האָט געמוזט אַרויסגיין
אין דער פינצטער, פלעגט בפועל-ממש טרעטן אויף טויטע. דאָס
פיצל ברויט האָבן זיי ווידער פאַרקלענערט, אַזוי אַרום, אַז די
שטאַרקערע זענען אויך שוואַכער געוואָרן. ווי האַלבע מתים
האָבן זיי אונדז געטריבן צו דער זינלאָזער אַרבעט. קוים איז
ווער אָפּגעשטאַנען, האָבן זיי אָנגערייצט די הינט. געשמיסן און
געפּאַטשט סאַדיסטיש, ווי ווילדע וועלף. די ״העפטלינגער״,
וועלכע האָבן געאַרבעט אויף די וועגן, פלעגן אויף שטום-לשון
געבן צו וויסן, אַז ס׳גייען אַרום ״גוטע קלאַנגען״... אין
רעזולטאַט פון אַ דערוואַכטן פונק פון האָפענונג, האָט דער
געראַנגל צווישן זיך אָנגענומען שרעקלעכע פאָרמען. טראָץ דעם
וואָס די כּוחות זענען ביסלעכווײַז אויסגעגאַנגען, האָט דער
ווילן איבערצולעבן זיך געשטאַרקט. פאַר יעדן טראָפּעלע זופּ,
קרישקעלע ברויט, וואָס עמיצער האָט בײַם עסן פאַרלאָרן אויף
דער ערד, פלעגט מען זיך זידלען. לײַבלעכע שוועסטערס פלעגן
זיך שלאָגן און שפּעטער אַוועקפאַלן פאַר ווייטיק און בושה.
אין דער רעכטער זײַט אויפן טרויעריקן געלעגער איז אין
היץ-קאָנוואולסיע געלעגן אַן אונגאַריש מיידל. זי איז געווען
פאַרטראָגן אין שרעקלעכע יסורים. אירע גאָלדענע לאָקן, וואָס
זײַנען אויף צו להכעיס אָפּגעשניטן געוואָרן, זענען צוריק
אָפּגעוואַקסן און ליגן צעשויבערט אויפן שמוציקן דיל. איך וויש
איר אָפּ דעם שווייס מיט אַ ברעג פון מײַן צעריסן קליידל.
אירע גרינע אויגן קוקן אויף מיר מיט האַרץ-רײַסנדע בליקן.
״איך פיל, אַז איך שטאַרב״, האָט זי קוים אַרויסגעשעפּטשעט.
זי רופט מיך בײַם נאָמען. ״הײַנט בין איך אַלט געוואָרן איין
און צוואַנציק יאָר״, האָט זי ווײַטער קוים באַוועגט מיט די
פאַרטריקנטע ליפּן. איך האָב געוואָלט איר העלפן אָבער,

לײדער, נישט געקענט. איר קערפּער איז געװען באַדעקט מיט בראַנד-װאונדן. ס׳בילד װעל איך קײן מאָל נישט פֿאַרגעסן; די לעצטע עטלעכע שעה, װי זי האָט זיך געמאַטערט, געצאַנקט און אױסגעגאַנגען װי אַ ליכט. געזעגנט זיך מיט איר יונג לעבן... ס׳האָט לאַנג נישט געדױערט און מען האָט אױך איר קערפּער אַרױסגעװאָרפֿן אױף דער הורבע מתים. פֿילנדיק זיך װאָס אַ מאָל שװאַכער. האָב איך געטראַכט און פֿאַרשטאַנען, אַז דער „פֿירער" האָט זיך אװדאי אַרומגעזען, אַז די גאַז-קאַמערן מיט די קרעמאַטאָריעס זײנען אַ צו הומאַניטאַרער מעטאָד. אַ צו לײכטער טױט. האָבן זײ פֿאַרטראַכט אַן אַנדער שפּיל, כּדי צו שטילן זײער בלוטדאָרשטיקײט. עס איז זײ געלונגען. זײ האָבן זיך באַפֿרידיקט צוקוקנדיק װי אַזױ די יונגע פֿרױען האָבן געליטן פֿון מכּות, גאַנגרענעס און אױסגעגאַנגען פֿון הונגער.

ס׳איז שװער צו באַגרײַפֿן, אָבער אַזױ איז עס געשען. מײַן „לאַגער-שװעסטער" האָט זיך איבערגענומען מיט „די גוטע גרוסן", אַז די מלחמה גײט צו אַן ענד. זי האָט איבערגענומען מײַן ראָלע. איך האָב געשטױנט פֿון דער דערשײַנונג. פֿאַרקערטע יוצרות. זי האָט מיך באמת געמונטערט. דאָס אַלץ װאָס זי האָט געקענט טאָן. „שטאַרק זיך, נאָך אַ קורצע װײַלע. מיר װעלן באַפֿרײַט װערן... מיר מוזן איבערלעבן", אַזױ האָט זי צו מיר אָן אױפֿהער גערעדט און דערבײַ פֿאַרגאָסן הײסע טרערן.

איך האָב אין די לעצטע דעציִדירנדיקע שעהען נישט געװײנט. נישט געװען מער קײן טרערן. מײַן געדאַנק איז געװען קלאָר. אױב איז עס ריכטיק, האָב איך געטראַכט, אַז דער שלום קומט אָן, איז װעמען ליגן מיר אין זינען? װער װאַרט אױף אונדז? נישט געבליבן װער עס זאָל מיך זוכן... כ׳האָב דאָך אַלײן, מיט מײַנע אײגענע אױגן געזען װאָס עס איז מיט אַלע מײַניקע געשען. די װעלט גײט איר גאַנג. די פֿילם-מאַגנאַטן דרײען שױן באַשטימט פֿילמען װעגן דער צװײטער װעלט-מלחמה. פֿאַר זײ

וועט עס גאָר אין גיכן זײַן פֿאַרגאַנגענהײט... אין בעסטן פֿאַל, אויב אייניקע פֿון אונדז וועלן איבערלעבן, וועט מען סײַ ווי סײַ בלײַבן איינזאַמע, צעבראָכענע שאַרבנס...

די "גוטע גרוסן" האָבן זיך אַרויסגעוויזן ריכטיקע. אינעווייניק האָבן זיך אויסגעמישט אַלע סאָרטן קלאַנגען. גסיסה-קרעכצן האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אין שטילע אָבער פּריידיקע טענער. אין דער נאַכט פֿאַר דער באַפֿרײַאונג איז געווען אוממעגלעך צו כאַפּן אַ דרימל. אין דרויסן האָט זיך שטאַרק געטומלט. די ווענט האָבן געציטערט פֿון אַ שיסערײַ אין דער לופֿטן. איך בין געלעגן אין אַנגסטן. דער קאָפּ איז געווען שווער. פֿול מיט אַ געפּלאָנטער פֿון אַלע סאָרטן געדאַנקען. ס'קען זײַן, אַז איך וועל איבערלעבן, האָב איך קאַלט געטראַכט. דאָס וואָרט "איבערלעבן" האָט מיך נישט צו רו געלאָזט אַ גאַנצע נאַכט. איך האָב מער גאָרנישט געהערט. דער קאַלטער שווייס פֿון קאָפּ ביז די פֿיס האָט סוף כּל סוף געבוירן אַ שרעק פֿאַר דער פֿרײַהײט אַ מורא פֿאַרן טויט און אַ מורא פֿאַרן לעבן.

# די גענעראַל-פּראָבע

פּיעסע אין צוויי אַקטן – (דרײַ בילדער)

| פּערזאָנען : | עלטער |
| --- | --- |
| באָריס שקאָלניק | 48 |
| סעם שקאָלניק | 35 |
| קרען גאָלד | 23 |
| לאָראַ זעלמאַן | 37 |
| יאָני זעלמאַן | 16 |
| סעראַ זעלמאַן | 16 |
| טאַנץ-גרופּע | 15-18 |
| מאָרי זעלמאַן | 39 |
| אַנעט פּיליצער | 36 |
| פראַנק פּיליצער | 40 |

**בילד – איינס**

פליפלאַץ אין מעלבורן. האַרבסט – 1969 -- צען פרי.

די ברידער שקאָלניק, (שטיפברידער) פאָרן קײַן סידניי אויף אַן אויפטריט אַלס גאַסט-אַרטיסטן, אין אַ פּראָמינענטע טאַנץ-שולע קאָנצערט. זיי קומען אויפן פליפלאַץ מיט קליינע וואַליזקעס. אין מיטן פון זייער דיאַלאָג, קומט צו אַ דריטע די זינגערין קרען, וועלכע אַרבעט מיט זיי צוזאַמען. עס דאַרף באַשאַפן ווערן אַ קאָמישע סיטואַציע – אַלס אַרײַנפיר.

**באָריס** : (זייער נאָענט צו סעמען) איך פיל, איך פיל שוין המנט דעם ריכטיקן ציטער...

**סעם** : וואָס אַזוינס?... די באָבע רײַצע איז דיר צו חלום געקומען... רעד, גיב לשון, באָריס!

**באָריס**: איך ווייס ווי דײַן האַרץ צאַפּלט, סעמעלע... כ׳מיין וועגן אונדזער אַקט. דו ביסט דאָך קיין מאָל נישט זיכער... איך קען זיך מיט דיר וועטן; איך קען אײַנלייגן...

**סעם**: וואָס למשל, קענסטו אײַנלייגן? וואָס איז אַן יידישער אַרטיסט, ביכולת צו פּאַרזעצן?...

**באָריס**: מײַן רעכטע האַנט... אָט וואָס איך לייג אײַן...

**סעם**: אָ, יאָ, דאָ קענסטו זיך דערלויבן, צו זײַן ברייט-האַרציק... האָסט זיך מיאוס אַרײַנגעדרייט... אַ נס וואָס קיינער הערט נישט...

**באָריס**: וואָס מיינט עס? איך האָב נישט קײַן חרטה. געוועט איז געוועט...

**סעם**: פּאַרוואָס זאָלסטו? שוין קרוב נײַן יאָר, ווי בײַ יעדער געלעגנהײַט גיסטו מיר דעם שבח, אַז איך בין דײַן רעכטע האַנט... (זיי לאַכן האַרציק)

**באָריס**: אַלזאָ, מײַן שוואַרצזעער, איך בין מער ווי זיכער, אַז אונדזער נומער אויפן קאָנצערט, וועט זײַן "עקסעלענט", "מאַניפיק" און אויף מאַמע-לשון — אַבסאָלוט אויסגעצייכנט... דאגה נישט, מײַן אייביקער זאָרגער, וועלכער טראָגט דעם וועלט-שמערץ אויף די פּלייצעס...

**סעם**: פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן!... איך בין אַ מבין אויף זיך. כ׳בין צו סענסיטיוו... קען זיך לײַדער נישט העלפן און דער עיקער, נישט ענדערן.

**באָריס**: (פּאַטשט אים אין די באַקן) ביסט אַ גוטער יונג, סעם. אויב ביסטו נאָר אַ מבין אויף זיך, איז שוין אַ האַלבע

צרה... דערפאַר קען זײַן, ביסטו מער טאָלעראַנט ווי איך... ווי ס'שײַנט האָסטו זיך שוין בײַ דער מאַמען אין בויך געזאָרגט, וואָס דו וועסט טאָן מיט דער ליכטיקער פרײַהייט...

**סעם** : ביסט גערעכט, באָריס. וואָס איז עס וויכטיק, אַז במילא טראַכט איך און האַנדל אין אײַנקלאַנג מיט מײַנע געפילן. איך בין זיך מודה, אַז אונדזער אַקט גיט מיר נישט קײַן רו... כ'מיין דאָך, אַז צו...

**באָריס** : איך פאַרשטיי וואָס דו מיינסט, און איך ווייס וואָס דו וואָלסט געוואָלט, אָבער אומזיסט יעדעס וואָרט, ווײַל מיר קענען נישט אַנדערש...

**סעם** : נו, אַ סוף... ביסט גערעכט, מײַן „בראַטשעק" און עס מיר נישט די לעבער...

**באָריס** : אַ סוף אַהער, אַ סוף אַהין... דערפון נעמט זיך דײַן האַרץ-ברענעניש... (סעם נעמט פון ערגעץ אַרויס אַ פּאָר שוואַרצע ברילן און טוט זיי אָן.) מײַן שוועסטער ביילע פלעגט עס רופן – די „זגאַגע"... זי איז געווען מער ווי זיכער, אַז דאָס קומט פון קלעמעניש; עגמת-נפש. איך געדענק, ווי זי פלעגט זיך קלאַפּן מיט דער רעכטער האַנט אין ברוסט-קאַסטן...

**סעם** : נו, וואָס זאָגסטו?... קוק אויף מיר... איצט זעסטו אויס, ווי אַל דזשאָלסאָן אַלס נעגער (נעמט אַראָפּ די ברילן) און אין דער ווירקלעכקײַט, זעסטו אויס ווי אַ מילכיקער שבועות... (קאַטשען זיך פאַר געלעכטער)

**באָריס** : (קושט אים אויף ביידע באַקן) דײַן טאַלאַנט דערהאַלט מיך בײַם לעבן... נאָך עטלעכע אַזעלכע גלאַטיקע, זויבערע וויצן, קענען מיר שוין באַלד דערלאַנגען אַן עקסטראַ אַקט; אָריגינעל – נאָר וואָס פון נאָדל אַרויס... דער עולם וועט

לאַכן און קוועלן... דאָס – איז דאָך אייגנטלעך, וואָס דו וואָלסט געוואָלט...

**סעם** : יאָ... ס׳איז נישט אינגאַנצן אַזוי ווי דו זאָגסט... אַוודאי וואָלט מער הומאָר געצויגן אַ גרעסערן עולם... אָבער איך פּערזענלעך, ווען איך פּאַל צופעליק אַרײַן אויף אַ קאָמעדיע, פול מיט פּוסטע וויצן, שטויסט עס מיך צוריק... איך קען נישט פאַרטראָגן דאָס כאַכאָטשען, ווײַל מען קיצלט דעם פּובליקום איבער דער נאָז, מיט אַן אויסגעדינטן פּלעדערוויש...

**באָריס** : ברודערקע, ביסט צו גיריק. ווילסט ביידע וועלטן... אויפן פּראָסטן לשון – אַ פּאַרך מיט געקרויזלטע האָר...

**סעם** : (פּויזע. אַ קאָמישע סיטואַציע. זיי קוקן זיך ביידע אָן ווי צוויי הענער) רעד נישט אַזוי... דו ווייסט מײַן געשמאַק און כ׳האָב זיך נישט געענדערט. די זאַך איז אָבער, וואָס איך קען באַנעמען דעם צוגאַנג, פון הײַנטיקן טעאַטער-גייער ווייל...

**באָריס** : עס איז אייביק אַזוי געווען... ערנסטער טעאַטער, אין וואָסער שפּראַך ס׳זאָל נישט האָבן געווען, האָט געהאַט פינאַנסיעלע שוועריקײַטן. בפרט – דער יידישער טעאַטער... די גרעסטע טאַלאַנטן נאָך אין פּוילן; פון וואו דו ווילסט נאָר אַליין, האָבן געלעבט אויף געהאַקטע צרות. דערקעגן אַ פּיעסע מיט אַ מעלאָדראַמע, וואו מען הויבט אַ פיסל, אַז דאָס בלוט זאָל אויפזידן... פאַרשטייסט?

**סעם** : יאָ, יאָ... איך מיין, אַז כ׳פאַרשטיי... ס׳איז אָבער אויך פאַרשטענדלעך, אַז בשעת עס בראַזגעט און ס׳טאַראַמאַסקעט אין אַלע עקן וועלט, אַז מענטשן זאָלן באַוואוסטזיניק וועלן אַנטלויפן פון דער ביטערער ווירקלעכקײַט... כ׳באַטראַכט עס נישט פאַר קײַן עוולה...

**באָריס** : סעם, וואָס זאָל איך מיט דיר מאַכן?...

**סעם** : ווער מאַכן, וואָס מאַכן... איך וויל דיר נאָר איבערצײַגן, אַז מענטשן האָבן נישט קײַן חשק צו קומען אין טעאַטער אַרײַן, וואו מ׳שטעלט פֿאַר אַ דראַמע מיט שווערע טראַגישע פּראָבלעמען...

**באָריס** : רעדסט שוין נאַרישקײַטן... איך ווייס נישט פֿון קײַן גליקן. אונדזער עולם איז נישט קײַן גולם! זיי ווייסן געווי, אַז אין טעאַטער האַנדלט מען נישט מיט קײַן פּוך און פֿעדערן... מ׳נאַרט זיי נישט אַרײַן... וואָס פּײַניקסטו...

**סעם** : טרײַבסט שוין איבער... דו ווייסט אויסגעצייכנט וואָס איך מיין, נאָר דו דרייסט זיך אויפֿן אָבצאָס... מיר זײַנען אַנדערש... מיר אָטעמען דערמיט... מיר האָבן ליב זיך אַראָפּצולאָזן אין די קעלערן, צו זוכן ענטפֿערס אויף פֿראַגעס װעלכע מאַטערן... פֿאַר אַנדערע איז עס שווערע אַרטעלעריע... זיי זײַנען; חלילה נישט קײַן ערגערע מענטשן פֿאַר אונדז... באַגרײַפֿסטו?...

**באָריס** : יאָ... יאָ... ״אַז דו, אַז דו״... וואָס טויג עס דיר אַזוי פֿיל צו דברן... מיר פֿאַרשטייען זיך דאָך אויפֿן וואונק... נו, לאָמיר שוין אָננעמען אַז ס׳איז אַזוי ווי דו זאָגסט, איז וואָס זשע איז, (נעמט אַרויס פֿון אַ קעשענע אַ שעכטל מיט אַ מאָל צו אַ ניי-מאַשין.) דער אומגליק, אַז מ׳שמירט אויס פֿון צײַט צו צײַט, (ווײַזט אויפֿן קאָפּ) די מאַשין זאָל קענען פֿונקציאָנירן?... פֿאַרגעס נישט סעמעלע, אַז אַלץ פֿון אויבן ביז אַראָפּ, וואָס מען שמירט נישט — זשאַווערט... באַזונדערס, נישט אַלע ווערן זאַט מיט די זעלבע שפּײַז...

**סעם** : (פּויזע) אַ, כ׳האָב גאָר פֿאַרגעסן... וועסט באַלד פּלאַצן פֿאַר געלעכטער...

**באָריס** : אַדרבא, שיס אַ גאָל...

**סעם** : געדענקסט מײַן שכנה, די...

**באָריס** : די קעגן איבער דיר...

**סעם** : יאָ. די לערערין. נעכטן איז זי אַרײַנגעקומען מיט אַ פּרעכטיק בילד. זי האָט עס געמאָלן ספּעציעל פֿאַר מיר, האָט זי געזאָגט. כ׳בין געוואָרן צעטומלט, אַז כ׳האָב זיך פּשוט פֿאַרלאָרן...

**באָריס** : דאָך, וואָס איז װײַטער געשען?

**סעם** : כ׳האָב איר האַרציק באַדאַנקט און זי איז געבליבן שטיין, אַזוי ווי אַ מומיע. איז וואָס האָב איך געקענט טאָן... האָב איך זי געבעטן זיצן...

**באָריס** : אַ בראָך איז צו מיר... זי קומט עפּעס צו אָפט אַרײַן, די אַלטע פּרײַלין...

**סעם** : באָריס, ס׳איז מיר באַקאַנט ווי דײַן פֿאַנטאַזיע אַרבעט... קענסט ווּעמען אײַנרעדן אַ לונגן-לעבער אויפֿן נאָז.

**באָריס** : כ׳מאַך אַ שפּאַס... כ׳ווייס אַז דו האָסט שוין געזען "זאָ וואָס"... דאָך, אַז...

**סעם** : אַך ביסטו אַ לץ אַ משומד, מיט אַ האַרץ פֿון גאָלד... ערנסט גערעדט. זי איז זייער איינזאַם; זי זוכט וואו צו עפֿענען אַ טיר. נעכטן האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט נישט ווילנדיק געהערט, ווי איך האָב רעפּעטירט מײַן ראָל... זי ווייסט, האָט זי אונטערגעשטראָכן, אַז ס׳איז פּושקינס אַ באַלאַדע... (ביידע לאַכן)

**באָריס** : געטראָפֿן ווי אַ בלינדער פֿערד אין גרוב אַרײַן...

**סעם** : זי האָט צוגעגעבן, אַז ס׳איז פּרעכטיק, נאָר ס׳איז נישט פּאַסיק פֿאַר אַלעמען...

**באָריס** : אָ וואַ... אַרײַנגעטראָפֿן אין פּינטל אַרײַן... נישט אומזיסט וואַרף איך אַן אומחן... איר מיינונג האָט אונדז פּונקט צוגעפּעלט צו דער גענעראַל-פּראָבע... האָסט זי׳ כאָטש אָרנטלעך באַהאַנדלט?

**סעם** : מאַך נישט ס׳געלעכטער... זי איז קלוג און זי ווייס וואָס זי רעדט. זי ווייס, אַז ביז הײַנט צו טאָג איז נאָך אַלץ נישט פֿעסטגעשטעלט פּושקינס אָפּשטאַמונג... בײַ דער געלעגנהײַט, האָט זי אויך באַטאָנט, אַז פֿאַר יידן איז בעסער און געזינטער צו שעפּן פֿון די אייגענע....

**באָריס** : גוואַלד, איז זי אַ פּיקחות קלוג ווי דער ליימענער קרוג... נישט געקוקט דערויף, לאָמיר כאַפּן דעם קאָמפּלימענט פֿון דײַן איינזאַמער פּרײַלין האָפּליאַ... אַ קלייניקײַט! מיר, די שטיפֿברידער שקאָלניק און פּושקין... נישט מער און נישט ווייניקער... גיב איר אַ דאַנק און אַ קוש פֿאַר דער גרויסהאַרציקײַט, פֿון דײַן עלטערן ברודער...

**סעם** : איך וועל עס זיכער טאָן...

**באָריס** : און איצט, ברודערקע, קענסטו שוין דרײַסט איבערלאָזן, דײַנע זאָרגן פֿאַר די ״באָסעס״...

**סעם** : (גענעצט און קוקט אויפֿן זייגער) דער זייגער רוקט זיך... כ׳האָב געהערט, אַז אין סידניי רעגנט...

**באָריס** : אַ פֿרישע צרה... ביז מיר וועלן אַהינקומען, וועט

שוין זיכער זײַן טרוקן און מיר וועלן גלײַך נאָך דער גענעראַל-פּראָבע קענען גיין אַ הוליע טאָן... האַ? וואָס זאָגסטו (קלאַפּט אים אין פּלייצע)

**סעם** : איך פֿיל זיך איצט אַ סך בעסער. במילא איז שוין איצט צו שפּעט עפּעס צו ענדערן. דו ביסט באמת גערעכט. איך בין אַ שוואַכלינג; איך צווייפֿל און איך וואַקל זיך... ס'זעט אויס, אַז אָן דיר וואָלט איך געווען אַזוי ווי אַ קליאַמקע אָן אַ טיר...

**באָריס** : איך מיין פּונקט ס'פּאַרקערטע... אַ סוף מיט דעם פֿילאָזאָפֿירן... ביז קרען וועט קומען, קען איך דיר עפּעס דערציילן אין שײַכות מיטן...

**סעם** : כ'האָב לעצטנס אַן אײַנדרוק, אַז דו האָסט מיר שוין אַלץ דערציילט... דײַן זכּרון איז וואונדערבאַר, אָבער...

**באָריס** : מיטן האַנט אויפֿן האַרצן, אַז דאָס האָסטו נאָך פֿון מיר נישט געהערט. איצט אַזוי שמועסנדיק וועגן טעאַטער, ספּעציעל וועגן פּובליקום...

**סעם** : נו, לאָמיר שוין הערן. אפֿשר...

**באָריס** : כ'וועל עס מאַכן בקיצור. ס'איז מיר געקומען אויפֿן געדאַנק, אַן אַרטיקל אין אַן אַמעריקאַנער צײַטשריפֿט...

**סעם** : ציסט דאָך עפּעס אַזוי ווי סטענגעס...

**באָריס** : דו לאָזט דען קומען צום וואָרט... דעם פּובליציסטל קען איך דווקא, כ'ווייס...

**סעם** : זאָג זײַן נאָמען, אפֿשר קען איך אים אויך?

**באָריס** : ניין – זידער ענטפער און מאַך מיר נישט קיין צווישנרופן...

**סעם** : „יעס סער” אַזוי ווי זיי זאָגן...

**באָריס** : אַלזאָ, דער „פּײַנער” באַלעבעסל; דער „שראַבער”, האָט זיך אַ שפּיל געטאָן אויף דער טעמע טעאַטער. וועגן דער באַציונג פון פאַרשיידענע פעלקער צום...

**סעם** : און דאָס אַלץ ווילסטו איך זאָל אויסהערן, פאַר דער גענעראַל-פּראָבע?

**באָריס** : ברען נישט; כאַפּ נישט... כ'וועל בלויז דערציילן, ווי אַזוי ער האָט באַמאַלעוועט דעם יידישן טעאַטער-גייער. כ'דערצייל עס בלויז פאַר דיר... דאַרפסט עס אפילו נישט איבערחזרן – דער פּרײַלין פנינה...

**סעם** : דאָ האָסטו מײַן צוזאָג... (פאַרשליסט מיט די פינגער די ליפּן) כ'האָב אַ פאַרדאַכט, אַז דער שרײַבער האָט דיך גערירט אַ נערוו; אָנגעטראָטן אויף אַן...

**באָריס** : טאָ הער זשע. ס'איז שבת פאַרנאַכט. אויסגעשלאָפן, אויסגעפּוצט און אויסגעפּיאָקעוועט אין עסיק און אין האָניק; באַלעבאַטיש, גייט אַ יידיש פּאָרפאָלק אין טעאַטער אַרײַן. בײַ דער קאַסע, האָט ער אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז און אַ בורטשע געטאָן צו דער פרוי – „טײַער... מירײַסט די פּאָלעס”... מיט גאָטס הילף, מיט די בילעטן אין האַנט, באַזעצן זיי זיך אויף זייערע פּלעצער...

**סעם** : צי נישט אַזוי אויס די מעשה, מיוועט פאַרשפּעטיקן דעם עראָפּלאַן...

**באָריס** : טאָ, לאָז מיך רעדן, אַז דו האַלטסט אין איין איבעררײַסן... איז וואו בין איך?

**סעם** : נו, ווי זיי באַזעצן זיך...

**באָריס** : יאָ! האָט דער רבונו-של-עולם געוואָלט, אַז פֿאַר אונדזער פֿאַרשוין זאָל פֿאַרנעמען איר פּלאַץ, אַ פֿרוי אַ הויכע, אַ דיקע, מיט אַ פֿאַרנעם און דערצו נאָך...

**סעם** : כ׳גיי חלשן... מיט אַן אויפגעשטעלטע פֿריזור...

**באָריס** : אַזוי ווי זאָלסט זײַן דערבײַ... אַ טשערעפּאַכע מיט אַ האָרב... (אַ פּויזע פֿון לאַכן)... האָט ער זיך שוין מיטן אויבערשטנס הילף אײַנגעמאַשטשעט. האָט לאַנג נישט געדויערט, ווײַזט ער דער פֿרוי דעם זייגער און רוימט איר אײַן אויפֿן אויער, אַז ער זעט שוין די יידישע "פּיזשאַנדקעס"... זייער פּינקטלעכקײַט...

**סעם** : אַזוי מיט אַלע פּיטשעווקעס האָט דער שרײַבער געשריבן? דײַן פֿאַנטאַזיע טיזיך צעשפּילט...

**באָריס** : טראַכט וואָס דו ווילסט... איך בין אין עקסטאַז און לאָז מיך רעדן. מיט אַ קליינע פֿאַרשפּעטיקונג, שרײַבט ער, האָט זיך דער גרינער פֿאַרהאַנג, אַ ביסל שווערלעך פֿאַנאַנדערגעצויגן, האָט זיך דער פּריץ צעלאַכט אויף אַ קול, אַלע האָבן זיך אומגעקוקט און די פֿרוי נעבעך, האָט זיך שיער נישט באַגראָבן פֿאַר חרפּה...

**סעם** : קענטיק, אַז דער שרײַבער, איז נישט אַבי ווער... זײַן דרײַסטקײַט...

**באָריס** : מיט איין וואָרט, די שפּיל הויבט זיך אָן און אַזוי ווי

די ערשטע אַקטריסע באַווײַזט זיך אויף דער סצענע, שוין... ער שושקעט שוין דער פרוי אין אויער אַרײַן... „אַ פּאָר פּיס ווי צוויי קלעצער"... די פאָרשטעלונג איז זיך געגאַנגען גלאַטיק, נאָר ער האָט גענודזשעט, אַז ס'ציט זיך ווי דער ייִדישער גלות...
(די זינגערין קרען קומט אַרײַן.)

**סעם** : באָריס, וועסט מאָרגן ענדיקן, ביטע...

**באָריס** : אָ, ניין ניין! איך האַלט שוין בײַם סוף. אָט, אָט גייט ס'פּאָרפאָלק אַרויס, צווישן די סאַמע ערשטע. זײַענדיק אין דרויסן, וואו בינטלעך מענטשן שמועסן און קאָמענטירן וועגן דער פּיעסע, ציט זיך דער אורח אויס; טוט אָן איידעלן גענעץ; קוקט זיך אַרום ווער ס'גייט הינטער זיי און ער מאַכט אַ גאַנץ פּשוטן חשבון, אַז פאַרן זעלבן געלט, וואָס ער האָט באַצאָלט פאַר די בילעטן, האָט מען געקענט אין בעסטן רעסטאָראַן אָפּעסן אַ גוטן מיטאָג, מיט אַ קאָמפּאָט אַ צולייג...

**קרען** : איך האָב בלויז באַוויזן צום קאָמפּאָט, אָבער כ'ישטויס זיך אָן, וועגן וואָס...

**סעם** : דאַרפסט זיך נישט אָנשטויסן. אויב דו וועסט שיין זינגען אויף דער גענעראַל-פּראָבע, וועל איך דיר אויף דער נאַכט דערציילן די מעשה פון אָנהויב ביז צום סוף...

**באָריס** : אַזוי וועט עס זײַן, קרײַנדעלע. יאָ יאָ נאָך דער פּראָבע וועלן מיר וואַרפן גורל, ווער פון אונדז – זאָל האָבן ס'פאַרגעניגן, דיר צו...

**קרען** : קיינער דאַרף מיר גאָרנישט דערציילן. איך פאַרשטיי אַליין, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאַרבלאָנדזשעט פּאָרפאָלק... איר קענט לאַכן... איך האָב אויף זיי רחמנות...

**סעם** : איך מיין, אַז דו ביסט גערעכט, קרען. (קושט איר אויף די באַקן) דאָס איז דער שרײַבער, וועמען מע דאַרף אַנלערנען...

**באָריס** : איך וואָלט אַזאַ איינעם... איך ווייס אַליין נישט... איך מוז זיך פאַרטראַכטן... קען זײַן, אַז מיר זײַנען צו פילבאַר, ווײַל סירירט אָן אונדזער אַרבעט און אונדזערע אָפּנעמער... (פויזע. אַלע דרײַ פאַרטראַכטן זיך. אין פאַרשיידענע פּאָזיציעס)

**קרען** : כ'האָב זיך שרעקלעך געיאָגט. מײַן באַלעבאָס האָט מיך פאַרהאַלטן. ער האָט מיך געוואָרנט, אַז ווען איך זינג, זאָל איך צומאַכן דעם פענצטער... אויב נישט וו...

**סעם** : אַ געטרײַער באַלעבאָס דײַנער... ער וויל דיך פאַרהיטן פון אַ צוגווינט... עפּעס אַ שיינער קאַוואַליר! לאָד אים אײַן אויפן קאָנצערט, וועט ער האָבן הנאה פון דיר...

**קרען** : סעם, הער אויף מיט דײַנע וויצן... עס איז אַ גאַנץ ערנסטער ענין. ער זאגט, אַז איך שטער די שכנים מיט מײַן זינגען...

**באָריס** : אָרעם קעצעלע, נעבעך... וועסט נישט בלײַבן אויף דער גאַס...

**קרען** : איך ווייס, אָבער דאָס איז נישט די זאַך... איר וואַרט שוין לאַנג?

**סעם** : גאַנץ לאַנג, נאָר ס'שאַדט נישט... נישט פאַרפטרט קײַן צײַט, חלילה... אגב, האָבן מיר געהאַט צווישן זיך אַ קליין וויכּוחל...

**קרען** : אַמאָל אין אַ נאָוועגע...

**סעם** : מיר האָבן זיך נישט ראָזמאַכעוועט – איידל, געלאַסן...

**באָריס** : נודניאַק! כ׳האַלט נישט אויס... ער האָט זיך
אײַנגערעדט, (סעם לאַכט און מאַכט מיט די פינגער
״יאַפּידיאַפּו״) אַז דאָס מאָל איז אונדזער נומער אַ ביסל צו
ערנסט...

**קרען** : אַן אײַנרעדעניש איז ערגער ווי אַ קרענק. ווי ס׳זאָל
נישט זײַן... צו שפּעט... איך פֿערזענלעך, טראַכט, אַז ס׳איז
באמת גלענצנד. ווי ס׳זאָל נישט זײַן...

**סעם** : לאָזט געמאַך, אַ סוף... (ער קוקט אויפֿן זייגער) לאָמיר
גיין עטוואָס פֿריער, ועלן מיר נאָך באַוויזן עפּעס
איבערצוכאַפּן...

**קרען** : ש... ש... לויפֿט נישט... מ׳וועט באַוויזן... איך וויל...
איך...

**באָריס** : וואָס איז קריינדעלע? זעסט אויס אַזוי אומשולדיק;

**סעם** : אַזוי שעמעוודיק... ביסט שוין ווידער פֿאַרליבט?

**קרען** : ווי ס׳האַרץ זאָל דיר זאָגן...

**ביידע** : זאָג שוין; גיב לשון...

**קרען** : כ׳האָב פֿאַר אײַך אַ סורפּריז... איך האָב נעכטן
אָנגעשריבן אַ נײַעם שלאַגער... איך בין צופֿרידן...

**באָריס** : אויב דו קריינדעלע ביסט צופֿרידן, איז עס שוין
זיכער גוט... הוראַ! (הויבט זי אויף אין דער לופֿטן)

**קרען** : אָ איך בין נאָך נישט אַזוי זיכער... עס איז בעסער ווי די פריערדיקע...

**סעם** : זינג קרען, ביטע, פּאַר ווען עמען שעמסטו זיך?

**באָריס** : נישטאָ דאָ קײַן לעבעדיקער נפש...

**קרען** : איך האָב עס צוגעפּאַסט צו דער מוזיק פון "צענאָ, צענאָ"... שפּעטער וועל איך שאַפן אייגענע מוזיק...

**ביידע** : (ברומען די מוזיק) לאַ... לאַ... לאַ... לאַ... לאַ... לאַ... לאַ... לאַ...

**קרען** : (ווײַזט זיי מיט דער האַנט, צו שווײַגן. איגנאָרירט דעם עולם און זינגט) איך וועל זינגען... איך ווייס, אַז איר וועט געפינען פעלערן... אָבער...

**באָריס** : ציטער נישט אַזוי און לאָמיר הערן אייגנס...

**סעם** : איינס צוויי דרײַ...

**קרען** : מענטשן ליבע; מענטשן פּײַנע,
כ'בעט אײַך האָט צו מיר קײַן טענה,
ווײַל איך בין פאַרליבט...
וואו איך גיי און וואו איך שטיי,
זוך איך אויגן-לויטער צוויי,
ס'האַרץ מײַנס איז באַטריבט...

**רעפריין** : שלום, שלום, קום צו מיר מײַן ליבער,
כ'וועל מיט מײַנע ליפּן – דיך דערקוויקן;
חלום, חלום, ברענג מײַן זיסן שלום,
וועסט דערמיט מײַן וועלט באַגליקן...

ליבער, שיינער, קום כאַטש בײַנאַכט אין חלום,
האַלט מיך ליב מיך, אין די אָרעמס זיסער שלום;
חלום, חלום, דו ביסט דער עדות מײַנער,
אַז איך בענק נאָך – שלום...
פעלקער, לענדער, נאָענטע, ווײַטע;
הימל, ערד און ימים ברייטע,
ווייסט – איך בין פאַרליבט...
כּילויף אַהין און כּילויף אַהער,
אפשר קען מיר העלפן ווער,
ווײַל דער ווייטאָג בריט...

**רעפריין** : שלום, שלום...

**ביידע** : בראַוואָ, בראַוואָ, קרען! (זיי נעמען זיך אַרום און טאַנצן) לאַ, לאַ, לאַ, לאַ...

**סעם** : (ווײַזט אָן אויף אַ פונקט) זעט ווי די זון האָט זיך אַרויסגעקאַטשעט. פאַר דײַן דערפאָלג, קריינדעלע...

**באָריס** : יאָ, די זון שײַנט פאַר אַלעמען... איך בין שוין מיד... האָפנטלעך וועט איר מיר לאָזן כאַפּן אַ דרעמל אויפן עראָפּלאַן; איך בין דאָך דער עלטסטער און איך דערוואַרט רעספּעקט... איר ד...

**קרען** : (סעם טוט אָן די שוואַרצע ברילן; קרען קריגט אַ שאָק ווען זי טוט אַ קוק אויפן זייגער) ס'איז שפּעט... מיר מוזן לויפן. (יאָגנדיק זיך, באַשאַפן זיי אַ קאָמישע סיטואַציע. לויפנדיק – לינקס און רעכטס, פאַרטשעפּען זיך – צום אַרויסגאַנג...)

**אַלע** : שנעלער... סיברענט... (ליכט אויס. נאָך אַ קורצע ווײַלע, עפנט זיך דער פאָרהאַנג)

סוף פון בילד איינס

## בילד — צוויי

פּריוואַטע טאַנץ-סטודיע. הינטער-גרונט — אויף אַ קאַנווע, קאָלירפולע צייכענונגען. ווי: טענצערס, אינסטרומענטן, נאָטן און אַ וו. איןביידע זײַטן — צו איינציקע שטולן. אין דער רעכטער זײַט — שטאַנגען וואו ס׳הענגען קאָלירטע טאַנץ-קאָסטיומען; באַלעט-שיכלעך, פּאַרוקן און אַנד. אין דער לינקער זײַט אַ טיר. בײַם וואַנט — אַ קאַמאָד מיט אַ שפּיגל און אַ מוזיק-קעסטל. ווען די פולע ליכט גייט אויף, זײַנען לאָראַ און איר זון יאַני, באַשעפטיקט. לאָראַ איז די הויפּט טאַנץ-לערערין, ווי אויך די סאָליסטין. זי טוט זיך איבער צו איר טאַנץ און טוט אָן פון אויבן אַן אָפן קלייד. יאַני קוקט איבער די קאָסטיומען אויף די שטאַנגען; קאָנטראָלירט די נומערן אויף די קאַרטלעך — וואָס ס׳געהערט צו וועמען.

**לאָראַ** : (זינגענדיק צו דער מוזיק וואָס שפּילט כּסדר; עפנט דעם קאַמאָד-שופלאָד, נעמט אַרויס אַ שעכטל מיט ניי-געצײַג און אַ סך קאָלירטע סטענגעס, וועלכע מע וועט ניצן צו די טענץ. זי טוט אַ קוק אויף איר האַנט-זייגער.) אַך! ס׳איז שוין שפּעט... די צײַט לויפט אַזוי געשווינד און בײַ אונדז איז...

**יאַני** : (קוקט אויך אויף זײַן זייגער) וואו איז שפּעט? ס׳איז ערשט פּאַר נײַן... ביסט שרעקלעך אָנגעשטרענגט, מאַמ... ביסט כּסדר אויפגערעגט... וואָס איז מיט דיר?...

**לאָראַ** : איך ווייס אַליין נישט... עפּעס דאַכט זיך מיר כּסדר, אַז סוף-כּל-סוף...

**יאַני** : וואָס פּלאָנטערסטו זיך מיט די רייד? אויב ווילסטו עפּעס זאָגן, איז שטאַמל נישט, רעד קלאָר!

**לאָראַ** : (אַרבעט בײַ די סטענגעס) אַנטשולדיק מיר, יאַני. עס

רעדט אַרויס פון מיר. איך בין זייער מיד און מען דאַרף זיך נויטיק דורכרעדן... עס קומט נישט אויס, אָבער דאָך מוז מען...

**יאָני** : אָ. אַזוי... מען מוז וואַרטן...

**לאָראַ** : דער פּאַפּאַ איז שטענדיק אונטערוועגנס. ער דאַרף דאָך שאַפן אַרבעט... און באַזונדער...

**יאָני** : און וואָס נאָך?

**לאָראַ** : איינפאַך. איך וויל אים נישט דערצערנען... איך...

**יאָני** : מאַמ, רעד נישט קיין האַלבע ווערטער. וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָ?

**לאָראַ** : (ווידער אַ קוק אויפן זייגער) ביטע, מײַן זון, לאָז איצט צורו... נאָכן קאָנצערט וועט מען שוין עפּעס צוזאַמ...

**יאָני** : דווקא איצט וויל איך דיר זאָגן מײַן פאָרגעפיל. קענסט זאָגן ווי שטענדיק, אַז איך כאַפּ די פיש פאַר דער נעץ. ס'אַרט מיך נישט...

**לאָראַ** : גאָט צו דאַנקען, מיר זײַנען שוין געבענטשט מיט אַ נביא, אויך...

**יאָני** : אַזוי איז עס! דו טראָגסט זיך שוין ווידער אַרום מיט אַ שפּאָר ביסל טענות, צו דײַן אייגענעם צווילינג. זאָג נישט, אַז איך בין זיך טועה!

**לאָראַ** : זעט אויס, אַז ווער ס'פּילט זיך, דער מיינט זיך...

**יאָני** : דאָס באַקאַנטע לידל: נישט גענוג קאָאָפּעראַציע; נישט

גענוג דאָס; נישט גענוג יענץ...

**לאָראַ** : אַבי דו ווייסט כאָטש וואו ס'ליגט דער הונט באַגראָבן!...

**יאַני** : יאָ, איך ווייס גאַנץ גוט און עס טוט מיר זייער ווײ. איך בין שטאַרק, נאָר זײַ וויסן, אַז סעראַ, זי קוים וואָס זי...

**לאָראַ** : וואָס איז מיט סעראַ? וואָס פעלט איר? האָט פון כּל-טוב! גיב איר כאָטש דאָס טעלערל פון הימל...

**סעראַ** : (לויפט אַרײַן. אָנגעטאָן – דזשינס מיט אַ סוועטערל) האַי! כ'האָב נישט געקענט קומען פריער... איך האָב...

**לאָראַ** : בעסער שפּעטער איידער קיין מאָל נישט... געמיינט, אַז דו האָסט פאַרגעסן דעם אַדרעס...

**סעראַ** : (צעטומלט) בייזער זיך נישט, מאַמא. איך וועל זיך מיטאָג-צײַט אַרײַנכאַפּן פאַרבעטן די בעטן...

**לאָראַ** : אַפילו די בעטן נישט צוגעבעט?...

**סעראַ** : (בייז) מאַמי! דער טעלעפאָן האָט נישט אויפגעהערט צו קלינגען. איך האָב געמוזט ענטפערן!...

**לאָראַ** : די געשיכטע מיטן טעלעפאָן איז מיר גוט באַקאַנט. איך שטעל זיך פאָר די וויכטיקע געשפּרעכן...

**סעראַ** : פון וואַנען ווייסטו ווער ס'האָט געקלונגען? דעם גאַנצן כּעס לאָזטו שטענדיק אויס צו מיר!

**לאָראַ** : (ווייכער) ס'איז נישט ריכטיק, סעראַ. עס איז איצט

נישט קיין פּאַסיקע צײַט זיך צו שפּאַרן. מײַן מוטער האָט מיך געלערנט, אַז די קאַריערע; די פּראָפעסיע, מוז קומען אויפן ערשטן אָרט, ספּעציעל פאַר אַ קאָנצערט...

**סעראַ**: (מער אויפגערעגט) דו טראַכטסט אַזוי ווי דײַן מוטער און דו טוסט אַזוי ווי דו טראַכסט... און אַמשטרענגסטן ביסטו צו אונדז!

**לאָראַ**: עס קען אַנדערש נישט זײַן און אויב דיר געפעלט עס נישט, טוט עס מיר זייער לײַד, סעראַ... צום איצטיקן מאָמענט...

**סעראַ**: איך פאַרשטיי אַלץ. איך ווייס, אַז איך דאַרף טאָן וואָס מען הייסט מיר און נישט וואָס מיר געפעלט. דער אמת איז, אַז איך וויל טאַנצן, נאָר פאַר דיר איז עס נישט גענוג; דו פאַרלאַנגסט פון אונדז אַ סך מער. מיר מוזן זיך אויסצייכענען! דו שרײַסט כּסדר אין איין קול: מידאַרף... מידאַרף... מידאַרף...

**לאָראַ**: שטיל זאָל זײַן, סעראַ! באַרויק זיך די מינוט! מיר וועלן נאָך וועגן דעם רעדן אַ צווייטן מאָל. דערווײַל לאָמיר זיך נעמען צו דער אַרבעט. דער זייגער שטייט נישט...

**יאַני**: (יאַני איז די גאַנצע צײַט געווען געשפּאַנט, נישט געוואָלט זיך אַרײַנמישן) איין מינוט מאַמי! סעראַ, ווער האָט געקלונגען? אפשר...

**סעראַ**: (שטיל) מינאַ האָט געבעטן, אַז דו זאָלסט זי קאָנטאַקטירן, ווי שנעל מעגלעך. זי וועט וואַרטן, האָט זי געזאָגט. (צו דער מוטער) דער פּאַפּאַ האָט געקלונגען פון אַעראָדראָם און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט באַלד אַהערקומען. ער האָט...

**לאַראַ** : גוט, גוט! ביסט אין אָרדנונג סעראַ, איצט נעם זיך צו דער אַרבעט. איך בעט אײַך, מאַכט אַלע באַמיונגען, אַז איך זאָל אײַך נישט דאַרפֿן מינטערן און...

**יאַני** : און נישט דאַרפֿן מאַכן קײַן באַמערקונגען... (ציניש) עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז מיר מוזן זײַן מלאכים...

**לאַראַ** : זעסטו מײַן זון, אַז מיר פֿאַרשטייען זיך אויפֿן וואונק...

**יאַני** : ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז מיר מוזן זײַן אַ בײַשפּיל פֿאַר אַלע טענצערס, אויב נישט, איז אויס...

**לאַראַ** : (זיס) דו, האָסט עס איצט געזאָגט, מײַן זון, אָבער איך בין מסכּים; אַזוי דאַרף עס אייגנטלעך זײַן. אַגבֿ, איז עס דאָך אויך פֿאַר אײַערטוועגן. מיר האָבן דאָ אַזוי פֿיל האָרעוואַניע אַרײַנגעלייגט, מיט דער אויסרעכענונג, אַז עס קען אויך אַמאָל זײַן פֿאַר אײַך אַ צוקונפֿט.

**יאַני** : (בײַם טעלעפֿאָן. קען זיך נישט פֿאַרבינדן, כאַפּט ער אונטער דער מוטערס רייד) כּסדר פֿאַרנומען... יאָ, ווער איז אײַך אין וועג? כ'מיין ווער שטערט אײַך? ביז הײַנט האָבן מיר אײַך אַלץ געפֿאָלגט און זיך אויפֿגעפֿירט ווי גוטע פֿײַנע קינדער...

**לאַראַ** : וואָס איז דאָס פֿאַראַ לשון? ווער האָט אײַך אַזוי צערודערט? איז עס טאַקע אַזוי קרום צו וועלן שאַפֿן; צו וועלן דערגרייכן עפּעס און אַפֿילו ווערן באַרימט? אײַער זיידע האָט אונדז שטענדיק דערמאָנט, אַז די זעלמאַנס מיט זייערע טאַלאַנטן טאָרן נישט שלאָפֿן. ס'איז אַ שאָד צו פֿאַרפּטרן, פֿלעגט ער זאָגן...

**יאַני** : איך בין אַפילו נישט זיכער, צי דײַנע קינדער האָבן טאַלאַנט... געבוירן אַ זעלמאַן, מעג עס זײַן אויף אַ בעזעם, אַבי געטאַנצט...

**לאָראַ** : הער שוין אויף מיט דײַנע נאַרישע וויצן! זײַ וויסן, יאַני, אַז זיי שטעכן ווי שפּילקעס...

**יאַני** : (גייט צוריק צום טעלעפאָן און רעדט צום פּובליקום.) איין קליינינקײַט, די זעלמאַנס! צווילינגס – בײַ די זעלמאַנס; טאַלאַנט – בירושה און אַלץ טאָפּל, ווײַל אונדזערע עלטערן זײַנען לײַבלעכע קוזינען...

**לאָראַ** : (שרײַט אים נאָך) גענוג, יאַני, שעמען וואָלסטו זיך געמעגט! מיט דײַן חוצפּה קענסטו אַ תּל מאַכן פון אַלץ... נישט וואַגן זאָלסטו איצטער ענטפערן; טוט זיך איבער, ווײַל אַלע וואַרטן אויף אײַך און...

**מאָרי** : (איידער לאָראַ ענדיקט דעם זאַץ דערהערן זיך טריט. מאָרי טוט אַן עפן די טיר. טראָגט אַן עלעגאַנטן רעגן-מאַנטל און אַ קליין וואַליזקע אין האַנט) "באַנדזשורנאָ"! (אַ קוש דער פרוי, סעראַ און אַ מאַך מיט דער האַנט צו יאַני, וועלכער רעדט דורכן טעלעפאָן) נו, ווי גייען עפּעס די פּראָבעס?

**לאָראַ** : עס, גייט, עס גייט. טו אויס דעם מאַנטל און זעץ זיך. שפּע...

**מאָרי** : כהאָב גוטע נײַעס. קרען וועט האָפּנטלעך קומען. (ער רײַבט די הענט פאַר פרייד) מעגלעך, נאָך הײַנט צו דער גענעראַל-פּראָבע. זי האָט אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט זאָרגן. זי וועט נאָך זינגען שענער און בעסער ווי שטענדיק... זי...

**לאָראַ** : מאָרי, לאָז שוין צו רו מיט דײַנע ניסים וועגן איר...

(פויזע) וואָס איז מיט די שקאָלניקס? האָסטו זײ געזען, אָדער גערעדט מיט זיי?

**מאָרי** : יאַדע זיך נישט וועגן זיי, לאָראַ. איך האָב זיי סײַ געזען, סײַ געהערט; זייער נומער איז גלענצנד! דער דיאַלאָג – לויטער קונסט. אַזוי ווי דיר געפעלט. ערשט קלאַסיק!

**לאָראַ** : נו ווען וועלן זיי דאָ זײַן?

**מאָרי** : ווערסט זען, האָב געדולד...

**לאָראַ** : (פאַרוואונדערט) צו דער גענעראַל פּראָבע? מאַכסט אַ וויץ... זאָג דעם אמת...

**מאָרי** : (נעמט איר אַרום) נו, וואָס האָב איך געזאָגט, האַ? פאַרלאָז זיך אויף מיר! אַלץ וועט קלאַפּן ווי אַ זייגער... שוין, שוין נענטער ווי ווײַטער. (ער זעצט זיך אויף אַ שטול. ציט זיך אויס) איך בין שרעקלעך מיד.

**לאָראַ** : און וואָס נאָך האָסטו דערליידיקט?

**מאָרי** : (שוועבט אין די הימלען) אַ סך צו דערציילן. דער וועטער אין מעלבורן איז פײַן... (גענעצט) נײַע קאָנטאַקטן; פרישע פּראָיעקטן... וואו דײַן מאָרי קען אָנשפּאַרן, שטאָלץ וואָלסטו געווען, לאָראַ. אמתדיק, "דאַרלינג"...

**לאָראַ** : עפּעס קאָנקרעט? מען מוז דאָך פּלאַנירן אויף ווײַטער.

**מאָרי** : לאָז עס איבער פאַר מיר, לאָראַ. מען האָט דאָך עפּעס אָפּגערעדט!

**לאָראַ** : דאָך, איך דאַרף וויסן וואָס עס טוט זיך אַרום מיר.

איך קען זיך נישט מיט איין מאָל...

**מאַרי** : ווער מען שפּעטער רעדן. לאָז די געשעפטן איבער פאַר מיר, ביטע. עס פעלט דיר נישט קיין אַרבעט. דער טאַנץ און דײַן סאָלאָ, איז דאָך די הויפּט-זאַך פון קאָנצערט (צערטלט איר) פאַרלאָז זיך אויף מיר! האַ, וואָס זאָגסטו? געטרוי מיר... אָפּגעמאַכט?

**לאַראַ** : נו שוין, זאָל זײַן אַזוי. איך וועל זיך פאַרלאָזן אויף דיר. איצט גיי אַהיים און רו זיך אויס.

**מאַרי** : (אַ קוק אויפן זייגער) דער זייגער איז איצט באַלד צען, גיי איך און איך וועל צוריק זײַן, ווי שנעל מעגלעך... טאַ...

**לאַראַ** : (שרײַט אים נאָך) מאַרי, קויף אויפן וועג ביטע, עטלעכע שעכטלעך זופּ; אַ ברויט, מילך, יאָ, כ׳האָב נעכטן פאַרגעסן אַרויסצונעמען די בריוו פון פּאָסט-קעסטל.

**מאַרי** : „אָקידאָק" (ער גייט אַרויס. די מוזיק שפּילט אַן איבעררײַס. איינציקווײַז, קומען אָן די טענצערס. באַגריסן זיך מיט „הײַ". פּלאַפּלען צווישן זיך; זיי טוען זיך איבער און יאָני אויך. לאַראַ וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס קלייד און בלײַבט אין טאַנץ-קאָסטיום. זי גיט אַ צייכן. שטילקײַט)

**לאַראַ** : אַלע גרייט? (זיי גלײַכן זיך אַלע אויס, אַלס ענטפער) ענדלעך די גענעראַל-פּראָבע. איך ווייס אַז איר האָט אַלע שווער געאַרבעט. איך דאַנק אײַך פאַר אײַער ערנסטער באַנעמונג. קאָנצענטרירן זיך צום איצטיקן מאָמענט איז זייער וויכטיק... איר פאַרשטייט וואָס איך מיין?

**אַלע** : יאָ, יאָ.

**לאַראַ** : ס'איז קלאָר, אַז טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש קענען מיר זיך איצט נישט דערלויבן; (גוטמוטיק) מיר דאַרפן הײַנט איבערבײַסן, מיט דער גאַנצער אַרומיקער וועלט. אין פינף מינוט אַרום הויבן מיר אָן. גייט דורך אין אײַער גערדאַנק די ערשטע באַוועגונגען, אַזוי אַרום וועט איר ווערן פסיכיש גרייט און לײַכט צום טאַנצן... (זי שטעלט אָפּ די מוזיק. עס ווערט אַ טויטע שטילקײַט. לאַראַ טוט אַ וואונק צו אירע קינדער. אַלע דרײַ געפינען זיך נאָענט ווי מעגלעך צום פּובליקום. די מוטער אין צענטער הויבט אָן רעדן.) די שטימונג איז אַ גוטע, נאָר איך נויטיק זיך נאָך איצט שטאַרק אין אײַער הילף... מיר דרײַ דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז נאָך אַלעמען, איז...

**יאַני** : איז עס אונדזער פּרנסה...

**סערא** : מיר טאָרן אויך נישט פאַרגעסן וועגן שול. וואָס וועלן מיר דאָס מאָל זאָגן? כ'האָף, אַז ס'וועט שוין זײַן דאָס לעצטע מאָל!

**לאַראַ** : ש...ש... כ'ווייס וואָס צו טאָן, איר קענט זײַן רויק. נאָכן קאָנצערט, וועל איך אָנשרײַבן אַ בריוו צום נײַעם פאַרוואַלטער. ער וועט זיכער נישט מאַכן קײַן שוועריקײַטן.

**יאַני** : ער אָנערקענט נאָר אַ סערטיפיקאַט פון אַ דאָקטער. אויף וואָס וועלן מיר דאָס מאָל קרענקען?

**סערא** : (צו יאַני) בײַס זיך אָפּ דעם צונג. מאַמ, ס'קען זיך באַקומען, אַז אויב מיר זאָלן מיט אַן אמת קראַנק ווערן, וועלן מיר מוזן גיין אין שול. (זיי לאַכן אין די פויסטן)

**לאַראַ** : די תּרוצים, קריכן מיר שוין אויך פון האַלדז אַרויס... צי מיינט איר, אַז ס'פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן?

**סערא :** עס איז דאָך אַן אונטערשייד...

**יאַני :** אײַך צווינגט קיינער ניט, אָבער אונדז... מיר...

**לאַרא :** אַ סוף! (דרייט זיך אויס צו די טענצערס, שטעלט אָן די מוזיק. אַ צייכן, זי אין מיטן. דער טאַנץ הויבט זיך אָן... מען טאַנצנט און ראַפּטעם לאָזט זיך סערא אַראָפּ און חלשט. אַ גוואַלדיקע מהומה. לאַרא איז דערשיטערט; יאַני לויפט נאָך וואַסער) אָ, מײַן קינד... וואַך אויף... יאַני, אַ דאָקטער... (ער העלפט דער מוטער. סערא עפנט די אויגן. עס געלינגט זיי איר אויפצוזעצן). וואָס איז דיר מײַן קינד... זאָג, וואָס טוט דיר וויי?

**סערא :** איך ווייס אַליין ניט, מאַמ... איך ווייס נאָר, אַז ס'טוט מיר זייער באַנג... איך קען נישט טאַנצן, אַלץ דרייט זיך פאַר מײַנע אויגן... עס רוישט און זשומט... אָבער איך וויל טאַנצן, מאַמ... ס'איז אמת... (ברעכט אויס אין אַ געוויין.)

**לאַרא :** איך גלויב דיר, מײַן קינד. באַרויק זיך... ס'וועט אַריבערגיין. וועסט זײַן געזונט און דו וועסט זיכער קענען טאַנצן אויפן קאָנצערט. (צו אַלעמען, שטרענגער) איר, ביטע, מאַכט דערווײַל איבונגען.

**יאַני :** קאָנצערט, שמאָנצערט! דערווײַל איז סערא קראַנק...

**לאַרא :** (צו יאַני) וואָס איז פּלוצלינג געשען? איך בין אויסער זיך... עפּעס קען איך זיך נישט פאַנאַנדערקלײַבן... אַן אָנשיקעניש.

**יאַני :** עס געשעען אַ סך זאַכן און דו באַמערקסט נישט...

**לאַרא :** הייסט עס, אַז ס'קומט עפּעס פאַר הינטער מײַנע

פלייצעס... זאָג, ביטע, וואָס אַזוינס יאַני? דערציייל מיר דעם אמת. אויב נישט, וועל איך...

**סעראַ** : ש... ש... איך פיל זיך שוין אַ סך בעסער... מ׳וועט טאַנצן...

**לאָראַ** : גוט מײַן קינד. (סעראַ שטעלט זיך לאַנגזאַם אויף. יאַני העלפט איר צו פאַרנעמען איר פּלאַץ. לאָראַ גיט אַ צייכן פאַר אַלעמען.) אַלע טיף אָטעמען; די הענט לײַכט ווי פליגל פון אַן אָדלער : און איינס און צוויי און...

**סעראַ** : (לאָזט אַרויס אַ שטאַרקן קוויטש) מאַמ... די פייגל זיי קומען... זיי שוועבן איבער מײַן קאָפּ... זיי רוישן... אַ גאַנצע מחנה... זיי שלעפּן מיך פאַר די האָר...

**לאָראַ** : (אײַנגעבראָכן. באַרויקט זי) באַרויק זיך מײַן קינד... עס דאַכט זיך דיר...

**סעראַ** : ניין, מאמא, עס איז נישט קײַן חלום...

**לאָראַ** : שטאַרק זיך, סעראַלע. וועסט זען ס׳וועט גוט זײַן...

**סעראַ** : איך קען נישט מער, מאַ... כ׳בין אַזוי מיד...

**יאַני** : (צו דער מוטער) מאַמ, סעראַ מוז גיין אַהיים. איך וועל זי אַוועקפירן און זיך באַמיען גלײַך צוריקקומען.

**לאָראַ** : (אַ צייכן פאַר די טענצערס אַוועקצוזעצן זיך אויפן דיל. שעפּטשען צווישן זיך - פאַרזאָרגט) ניין, מײַן זון, יאָג זיך נישט. בלײַב אין דער היים און רעד זיך דורך מיטן פאָטער וועגן אַ דאָקטער.

(די קינדער גייען אַרויס)

**לאָראַ** : נעמט זיך צוזאַמען. (ס'עפנט זיך די טיר און עס קומען

**אַרײַן** : די ברידער שקאָלניק. און – זינגערין קרען. אַלע דרײַ אין רעגן-מאַנטלען. די טענצערס, נעמען זיי אויף מיט אַפּלאָדיסמענטן... (אוריי, אוריי)

**באָריס** : האַלאָ, האַלאָ!

**סעם** : סורפּריז, סורפּריז, האַ?

**טענצערס** : הײַ, הײַ!

**קרען** : הײַ! וואו זײַנען אַלע?

**לאָראַ** : (שטאָלץ) ווער אַלע? מיר זײַנען נישט קײַן מענטשן?

**קרען** : איך מיין... וואו איז מאָרי?

**באָריס** : יאָ, טאַקע, וואו איז ער? געכאַפּט אַן עליקאָפּטער?

**סעם** : געוואָלט זײַן דער ערשטער... אָוואָ! מעגלעך, אַז מיר האָבן אים איבערגעיאָגט!

**באָריס** : אַלץ קען געשען, אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם... ס'וואָלט געווען אַ שיינער וויץ.

**לאָראַ** : מאָרי איז אין דער היים. ער איז צוריקגעקומען שרעקלעך מיד...

**סעם** : (קוקט צווישן די טענצערס) דאָ איז עפּעס פּאַרדעכטיק; איך זע נישט אײַער גאָלדענעם צווילינג. וואו זײַנען זיי?

**סעם** : קענטיק זיך געמוזט מעלדן אין שול.

**לאָרא** : האָט נישט קײן פּאַרדרוס, אַלץ וועט זײַן אין בעסטן אָרדנונג...

**קרען** : עס מוז זײַן שרעקלעך שווער פאַר די קינדער. יענער פאַרגעניגן, צו אַרבעטן מיט די עלטערן צוזאַמען... איך מיין...

**לאָרא** : איר רעדט פון דערפאַרונג?

**קרען** : (שטאָלץ) נישט וויכטיק. איך ווייס וואָס איך רעד...

**לאָרא** : איז גוט... אַלזאָ מײַנע פרײַנד; מײַנע קאָלעגן, גרייט אײַך צו!

**באָריס** : וואָס? וואָס הייסט?...

**לאָרא** : (ווײַזט אָן אויף די טענצערס) מיר וועלן גערן זײַן אײַער פּובליקום און איר שטעלט פאָר אײַער אַקט. מיר זײַנען גרייט אײַך אויסצוהערן!

**סעם** : שוין יעצט?

**לאָרא** : יאָ, איצט! מיר וועלן זיך דערווײַל אָפּרוען און שפּעטער...

**קרען** : אויב אַזוי, לאָמיר נישט פאַרלירן קײן צײַט.

**באָריס** : אויב אַלע זײַנען מסכּים, איז אַדרבא ואַדרבא. (די שקאָלניקס באַוועגן זיך שנעל. זיי שטעלן אַוועק צוויי שטולן אין צענטער נאָענט צום פּובליקום. זיי ברומען צו אַ ניגון. באָריס טוט אָן אַ שײַטל מיט אַ באָרד. הינטער זיך האַלטן זיי

מאַסקעס. קרען נעמט אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל און בלײַבט
אין דער אָוונט-קלייד. צו ערשט געפינט זי זיך לעבן די
טענצערס און באַגלייט דעם דיאַלאָג. נויטיקע ליכט-עפעקטן.
צוגעפּאַסטע מוזיק.)

**פילאָזאָף** : (זינגט) וואו זשע האָבן נעכטן מיר זיך
אָפּגעשטעלט; דאַכט זיך, אַז באַרירט מיר האָבן שוין די גאַנצע
וועלט. כ׳פאַרשטיי מײַן יונגער פרײַנד, דיך וואַרפט אין היץ און
קעלט; צו דײַנע זיסע טרוימען, ציט אויך מײַן האַרץ און
קוועלט...

**סטודענט** : (זינגט) מיר האָבן ביידע, מיין איך, גאַנץ גוט זיך
פאַרשטאַנען. נאָר עפּעס דאַכט זיך מיר, איך ווייס אַלייניט פון
וואַנען; זינט נעכטן, וויגן זיך אין מיר בלויז שווערע גראַמען,
פאַרשוואונדן פּלוצים איז דאָס ראָז און בלאָ צוזאַמען...

**פילאָזאָף** : איז גוט, מײַן פרײַנד, נאָר טאָרסט זיך נישט
פאַרגינען, צו זיך אַליין דערגרייכן, מוז זײַן אַ קלאָרער זינען;
גיי אום און טראַכט אַרײַן אין זיך, וואו זאַפטן רינען, ווײַל זוכן
מוזסטו פרײַנד און זיך אַליין געפינען...

**סטודענט** : מיט גרויס רעספּעקט צו אײַער טיפן דענקען,
כ׳טראַכט, אַז כ׳קען אַמאָל נאָך דער אילוזיע בענקען, און נישט
קענען שפּעטער זיך אַליין עס שענקען, אַז ס׳זאָל נשמה מײַנס
און האַרץ אויף אייביק בענקען...

**פילאָזאָף** : אַליין מוזסטו, מײַן פרײַנד זיך לאָזן גיין און זוכן
אַזוי לאַנג, ווי ס׳ילײַכט פון טאָג די שיין; ווײַל ביטער לעבן קען
אויך זײַן ווי שטאַרקער ווײַן... איך מוז שוין גיין, קום אויך
מיט מיר אין שפּיל אַרײַן. (זיי טוען זיך שנעל אָן די מאַסקעס
און שטעלן זיך הינטער די שטולן. קרען צווישן זיי. פירן
צוזאַמען אויס דאָס ליד)

דער אַקט בײַ אונדז איז שטענדיק וויין און לאַך;
גאָרנישט דאַכט זיך, איינפאַך איז די גאַנצע זאַך;
זינגען, טאַנצן, פריילעך מאַכן, איז דאָך אונדזער פאַך,
נישט אַלע מאָל דו וואַגסט צו זאָגן, מענטש נישט וויין, נאָר לאַך...

(זינגט) ס׳וועט די ראָד זיך דרייען, אייביק דרייען, סײַ ווי סײַ;
איז לאָמיר יונג און אַלט, דעם וואונדער זײַן געטרײַ
און שטרעבן צו געניסן פון אַלץ וואָס איז נאָר פרײַ;
מיר און איר און וועלט, ט׳זיך דרייען, סײַ ווי סײַ...

דאָס ברוגז-שלום טענצל, פון אייביק אָן עס לעבט
און אין דער לופטן אויף די וואָלקנס, צוזאָג שוועבט;
טרוימען פלעכטן זיך; די צוקונפט שטיל זיך וועבט,
דעריבער – אַלץ וואָס לעבט, דער שטרעבט און שטרעבט.
איז טוט זשע אויס פון זיך אַליין דעם אומעט,
הערט צום דרויסן, דאָרט וואו לעבן זשומעט;
וואו ס׳זינגט און קלינגט אַ פייגל-כאָר אַרומעט,
הער דו מענטש, דו גאַסט; אַנטלויף פון אומעט...

(זינגט) ס׳וועט די ראָד זיך דרייען, אייביק, דרייען סײַ ווי סײַ;
איז לאָמיר יונג און אַלט, דעם וואונדער זײַן געטרײַ;
און שטרעבן צו געניסן, פון אַלץ וואָס איז נאָר פרײַ...
מיר און איר און וועלט, ט׳זיך דרייען סײַ ווי סײַ...
(די טענצערס אַפּלאָדירן. די דרײַ נייגן זיך צום פּובליקום.
ליכט לאַנגזאַם אויס.) סוף פון בילד 2.

## בילד — דרײַ

(דער זעלבער טאָג)

זעלמאַנס אויפנאַם-צימער. שיין מעבלירט. סעראַ אָנגעטאָן אין אַ שלאָף-ראָק, זיצט אָנגעלענדט אויפן טאַפּטשאַן. יאַני קומט אַרײַן מיט אַ גלאָז זאַפט פאַר סעראַ. מאָרי רעדט גאַנץ שטיל דורכן טעלעפאָן. קיינער דאַרף נישט הערן זײַן געשפּרעך. — זעקס דרײַסיק אָוונט.

**לאָראַ** : (טוט אַ פּראַל אויף די טיר. טוט אויף גיך אויס דעם רעגן-מאַנטל; אַ וואָרף דאָס האַנט-בײַטל און גלײַך צו די קינדער) ווי פילסטו זיך, סעראַ? איז דער דאָקטער שוין געווען? וואָס...

**יאַני** : מאַמ, זײַ נישט אַזוי היסטעריש...

**לאָראַ** : און דו גיב מיר נישט קײַן עצות! ענטפער מיר בעסער, צי איר האָט גערופן אַ דאָקטער...

**מאָרי** : (לייגט אַוועק דאָס טעלעפאָן-טרײַבל. צו לאָראַ) יאָ דער דאָקטער איז געווען; נישט דאָקטער באַיער, נאָר דאָקטער שילסקי...

**לאָראַ** : (די קינדער רעדן צווישן זיך) צי מיר נישט אַרויס די נשמה... רעד אַ ביסל שנעלער... וואָס האָט...

**מאָרי** : (לאַנגזאַם) ער האָט איר געמאַכט אַן אײַנשפּריצונג.

**לאָראַ** : צו וואָס? וואָס איז איר דען?...

**מאָרי** : צום שטאַרקן. זי איז אָפּגעשוואַכט.

**לאָראַ** : האָסט אים כאָטש געזאָגט, אַז זי דאַרף מאָרגן

טאַנצן?...

**מאַרי** : (אַ לאַנגע פּויזע. מאַרי ווערט זייער ערנסט, וואָס ליגט נישט אין זײַן כאַראַקטער) סערא האָט אים אַליין אַלץ דערציילט...

**לאָרא** : נו, איז... וואָס הייסט עס, אַז סערא האָט אים אַליין אַלץ דערציילט? וואָס מיינט עס אַלץ? (גייט צו צו סערא, טאַפּט מיט די ליפּן איר שטערן) וואָס אייגנטלעך, קומט דאָ פּאָר? וואָס שווײַגט איר אַלע? איך וואָרן אײַך אַז איר וועט מיך אַרויסברענגען פון געדולד!...

**מאַרי** : אויב קומט עפּעס פאָר הינטער אונדזערע פּלייצעס, דאַרפסטו דאָך וויסן בעסער ווי איך; איך בין דאָך זעלטן אין דער היים. אַגב, אַ מוטער איז...

**לאָרא** : אָ, וואָס פאַרא גלענצנדער ענטפער אין אַ שווערן קריזיס! אַ גרויסן, שיינעם דאַנק דיר... און צוריק רעדנדיק, פאַרוואָס פאַרברענגסטו טאַקע אַזוי ווייניק צײַט מיט דײַן משפּחה?... זאָל זיך דיר נישט חלומען, אַז לאָרא זעלמאַן איז בלינד...

**מאַרי** : לאָרא, סערא טאָר זיך נישט אויפרעקן און ווי עס זאָל נישט זײַן, איז איצט נישט קײַן צײַט פאַר קײַן חשבונות.

**יאָני** : (יאָני שטעלט זיך אויף און נעמט פון קאַווע-טישל די פאַרשריבענע רעצעפּטן) איך גיי באַשטעלן די מעדיצין. (איידער ער באַווײַזט צו דער טיר, קלינגט דער גלאָק. ער עפנט די טיר און ס'יקומט אַרײַן דאָס פּאָר-פאָלק אַנעט און פראַנק פּיליצער, שכנים און פרײַנד פון די זעלמאַנס)

**אַנעט** : (באַמערקט די צעטומלעניש און בלײַבט בײַם טיר.)

האַלאָ, האַלאָ!

**לאַרא**: (זעלמאַנס ענטפערן) קומט ווײַטער...

**פראַנק**: (צו דער פרוי מיט אַ טענה) האָסט גאָרנישט איבערגערעדט, אַז סעראַ איז נישט געזונט...

**אַנעט**: כ׳האָב אַליין נישט געוואוסט. אויף מײַן וואָרט, נישט געהאַט קײַן אַנונג.

**יאַני**: (צו די פּיליצערס.) אַנטשולדיקט, איך דאַרף גיין אין אַפּטייק, באַשטעלן די...

**לאַרא**: (מיט אַ קינסטלעכן שמייכל) עס ברענט נישט, יאַני, האָב צײַט... (צו די פּיליצערס) מאַכט אײַך באַקוועם... זעצט אײַך, ביטע. (יאַני קערט זיך צוריק)

**אַנעט**: איך מיין, אַז מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן ווי אַ יוון אין סוכּה... וואָס איז סעראַלע, דו מאָזלסט שוין ווידער?

**סעראַ**: (שמייכלט) מיוועט זען.

**מאַרי**: דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף זיך אָפּרוען. נאָר גיי מאַך... זי וועט זײַן „אַלרײַט".

**פראַנק**: איז אפשר, דאַך, לאָזן מיר אײַך הײַנט צו רו און מיר וועלן זיך אַרײַנכאַפּן...

**לאַרא**: חלילה... בלײַבט! מיר האָבן נישט פאַר אײַך קײַן סודות... ביטע, פאַר אונדזערט וועגן... לאָמיר כאַפּן אַ שמועס.

**אַנעט**: זאָל זײַן... (זעצן זיך) וועלן מיר, אויב אַזוי, שיסן

צוויי האָזן מיט איין מאָל...

**פראַנק** : מבקר-חולה זײַן סעראַ און גלײַכצײַטיק ,אײַך ווינטשן, אַז...

**אַנעט** : אַז איר זאָלט מאָרגן אַרויסגיין מיט דעם רעכטן פוס. (אַלע לאַכן)

**מאָרי** : אַ דאַנק! דאָס, פאַרשטייט איך, איז גוט-פרײַנדשאַפט. מײַן מאַמע, זאָל רוען, פלעגט זאָגן, אַז אַ גוטער שכן, איז אַמאָל בעסער ווי אַ שלעכטע משפחה (אַלע לאַכן) נישט קײַן וויץ. כ׳האָב עס אַ ביסל צעקאַליעטשעט, אָבער וואָס אמת איז אמת.

**לאָראַ** : עס איז זייער, זייער פײַן פון אײַך. אַ שיינעם דאַנק!

**פראַנק** : (קוקט אויף זײַן פרוי) דאָס איז נאָך נישט אַלץ. מיר האָבן אײַך נאָך עפּעס וואָס צו זאָגן...

**מאָרי** : אַ סוד? אַ סוד פאַר גאַנץ בראַד?

**לאָראַ** : אפשר קומט אײַך אַ מזל-טוב? די קינדער טאַקע צו יונג...

**מאָרי** : נו, זאָגט שוין אויס...

**אַנעט** : עס האָט דווקא צו טאָן מיט אײַך...

**מאָרי** : מיט אונדז גאָר? זע נאָר זע ווי זיי ציען אונדז אָן...

**אַנעט** : מיר לאַדן אײַך אײַן אויף אַ באַנקעט, לכּבוד די זעלמאַנס...

**פראַנק**: כ'האָף אַז ס'וועט אײַך פאַרשאַפן פרייד.

**אַנעט**: (לאָראַ און מאָרי, פאַרוואונדערט, מיט אָפענע מײַלער) ס'איז טאַקע נישט אײַער ערשטער קאָנצערט, נאָר ווי ס'זעט אויס קומט אויף אַלץ אַ צײַט...

**לאָראַ**: אָ, נישט באַדאַרפט די אָנשטרענגונג. איך שטעל זיך פאָר ווי שווער עס...

**פראַנק**: מיר טוען עס מיט ליבשאַפט און אָנערקענונג.

**לאָראַ**: אַ האַרציקן דאַנק אײַך! (שטעלט זיך אויף און שטעלט אַרויף אויפן טיש פרוכטן, זיסוואַרג און אַז. וו...)

**מאָרי**: (דעקלאַמירט) אַ פּראַכטפולער זשעסט פון די פּיליצערס צו די זעלמאַנס... מיר וועלן אײַך אָפּדינען אין פריידן...

**אַנעט**: וואָס אַן אמת, האָב איך עס שוין לאַנג געוואָלט... נישט איין מאָל פּלאַנירט, נאָר ס'איז מיר, לײַדער, קיין מאָל נישט געלונגען...

**פראַנק**: בײַ מײַן ווײַבעלע קומט שטענדיק עפּעס אונטער... דאָס מאָל וועט עס גיין כּשורה. אַגב איז אונדז איצט אַ סך לײַכטער.

**מאָרי**: אַ מאָדנע זאַך, מיר זײַנען שוין שכנים אַרום צוועלף יאָר און פרײַנד נאָך לענגער: כ'האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז בײַ אײַך זײַנען אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן נישט פאָרגעקומען קײַן וועזנטלעכע ענדערונגען.

**אַנעט**: עס איז נישט, חלילה, וואָס מיר האָבן זיך נישט

געקענט דערלויבן נאָר דאָך...

**לאַראַ** : אַנעט, דאַרפסט זיך נישט פאַרענטפערן... מיר האָבן מער ווי איין מאָל געהאַט ענלעכע פּראָבלעמען.

**מאַרי** : עס ווענדט זיך... ווי אַזוי איינער פאַרקוקט זיך און ווי אַזוי מע רעאַגירט...

**אַנעט** : בראַוואָ, מאַרי. איצט צוריק וועגן דער אויפנאַמע, נאָכן קאָנצערט. (ווענדעט זיך צו די קינדער) אַזוי ווי אונדזערע קינדער, לאַדן אויך איין זייערע פרײַנד, וואָלטן מיר געווען זייער צופרידן, אַז איר זאָלט אויך קומען...

**קינדער** : (שפּילן אין "סקראַבל") אַ דאַנק "טענקיו".

**פראַנק** : איר קענט קומען מיט פּאַרטנערן, אויב איר ווילט... איז וואָס זאָגט איר, האַ?

**יאָני** : נו, מיוועט זען. (שטעלט זיך אויף) מאַם, איך גיי. אַנטשו...

**לאַראַ** : לויף נישט, יאָני! דער אַפּטייק איז אָפן ביז צען אָוונט. דער פּאַפּאַ וועט שפּעטער צופאָרן. ביטע יאָני זײַ נישט פּאַרעקשנט...

**מאַרי** : (צו די קינדער) איך וועל שפּעטער צופאָרן. "אָקיי", סעראַ?

**סעראַ** : ווי דו פּאַרשטייסט... (זי מאַכט צו די אויגן. יאָני בייז, נעמט אַ בוך און זעצט זיך לעבן סעראַ)

**מאַרי** : (צו די שכנים) וואָס הערט מען עפּעס נײַעס און דער

עיקר, ווי גייט ס׳געשעפט? וואָס איז מיט דיר, אַנעט, דו אַרבעטסט נאָך פולע טעג? גיסט אַכטונג אויפן מאַן, האַ?...

**אַנעט** : יאָ, שטעל זיך פאָר... און פאַרוואָס זאָל איך אים עפּעס לאָזן אַליין? אויב פראַנק וויל פון מיר פּטור ווערן, זאָל ער זיך זאָרגן... (אַלע לאַכן) פון צײַט צו צײַט, באַקלאָגט ער זיך, אַז איך רעד אַ ביסל צו פיל...

**פראַנק** : וואָס אמת, איז אמת... נאָר אָן דעם, חלילה, וואָלט געווען שרעקלעך נודנע...

**אַנעט** : זעט אויס אַז כ׳האָב גוט געדאַוונט; מסתמא, געבוירן געוואָרן אין אַן הייבעלע.

**פראַנק** : ערנסט גערעדט. אויב מיינסטו וועגן פּרנסה, מאַרי, איז עס בײַ אונדז נישט קײַן פּראָבלעם. אָבער אויב מ׳רעדט אין אַלגעמיין, איז עס טויזנט אין איין נאַכט...

**לאַראַ** : וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן? ספּעציפישע פּראָבלעמען, אָדער...

**פראַנק** : כ׳מיין עס, אין אַ פּאָזיטיוון זין. עס איז זייער אינטערעסאַנט. זײַ וויסן אַז יעדער קויפער איז אַ וועלט פאַר זיך. ס׳גיט דיר אַ סך צו טראַכטן.

**מאַרי** : ס׳לייגט זיך אויפן שכל. אַז מען טרעפט זיך אויג אויף אויג מיטן קונה, באַקענט מען זיך מיט אַלערליי טיפּן.

**פראַנק** : יאָ, דעריבער זאָג איך, אַז ס׳איז דאָ אַ סך צו רעדן. אויבנאויפיק דאַכט זיך, אַז דער אָפּנעמער דער קויפער, איז אַמוויכטיקסטן. אָבער גלויבט מיר, אַז דער געשעפטס-מאַן דאַרף האָבן...

**מאַרי :** פשוט גערעדט, דאַרף האָבן דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס... איך פאַרשטיי; דאָס פאַרשטייען דאָך הײַנט קינדער אין די וויגן...

**אַנעט :** (ווענדעט זיך צו לאַראַ) דו געדענקסט אַוודאי, ווען מיר האָבן איבערגענומען דאָס געשעפט פון די ראַווינס. געוועזענע פרײַנד פון אונדזערע עלטערן.

**לאַראַ :** אָ יאָ, זיכער געדענק איך! אַזוי ווי ס׳וואָלט נעכטן געווען...

**פראַנק :** טאַקע בײַ די ראַווינס. ווען מיר האָבן דעצידירט צו קויפן, האָבן מיר גלײַכצײַטיק פּלאַנירט צו ענדערן אַ סך זאַכן.

**מאַרי :** כ׳האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט, מיט וואָס אַזאַ געשעפט ווי אײַערס, איז פאַרבונדן. כבין נײַגעריק...

**פראַנק :** עס קלינגט איצט נאַיוו ווען מען טראַכט צוריק. בײַם קויפן די דאָזיקע בוכהאַנדלונג, האָבן מיר עס באַטראַכט ווי אַזאַ מין קאָמבינאַציע פון די צוויי וויכטיקסטע אַספּעקטן פון לעבן.

**לאַראַ :** וואָס, וואָס? מײַן קאָפּ באַנעמט נישט אַזוי לײַכט...

**אַנעט :** ס׳איז גאַנץ איינפאַך, לאַראַ. מײַן פראַנק, זאָל ער מיר נאָר געזונט און שטאַרק זײַן, האָט דעמאָלט גלײַך בײַם אָנהויב, באַשלאָסן אויסצופאַרקויפן דעם גאַנצן "סטאָק", פאַר מינימאַלע פרײַזן, מיט דער אויסרעכענונג אײַנצוקויפן מיט דער צײַט נײַע ביכער לויט זײַן געשמאַק.

**פראַנק :** (צאַרט) העי, העי, אַנעטקע! האָסט אַ קורצן זכּרון. זי איז אויך דערויף דעמאָלט מסכּים געווען... גאַנץ פּשוט: מיר

האָבן געוואָלט פאַרדינען פרנסה פאַר דער משפחה און גלײַכצײַטיק, הנאה האָבן פון דער אַרבעט.

**מאַרי** : האָסטו געשוועבט אין די הימלען... (יאָני הערט זיך גוט צו) אַזאַ זיווג, פלעגט מײַן מאַמע זאָגן "נישט געזען, נישט געהערט".

**אַנעט** : אַ פאַקט איז, אַז אונדז איז עס דווקא טײלווײַז יאָ געלונגען.

**פראַנק** : אויף אַזוי פיל געלונגען, אויף וויפל מיר האָבן באַוויזן זיך אײַנצושאַפן אַ צאָל לייענער, וועלכע קויפן ביכער לויט אונדזער רעקאָמענדאַציע.

**לאַראַ** : דאָס איז אַ גרויסע, אַ קאָלאָסאַלע דערגרײַכונג! ווען איך קוק אויף אונדזערע שכנים פון דער לינקער זײַט, דערקען איך ווי די מענטשן זײַנען אומגליקלעך, ווײַל זיי האָבן פײַנט זייער פאַך.

**מאַרי** : לאַראַ, טרײַב נישט איבער. דאָס איז דײַן פאַנטאַזיע. אין דיינע אויגן זעען זיי אַזוי אויס. די הויפּט-זאַך איז בײַ מיר צו קענען מאַכן אַ לעבן.

**לאַראַ** : (איראָניש) מײַן מאַן, ווי איר קוקט אים אָן, איז פון אַלץ צופרידן...

**מאַרי** : אַ בילבול! אָט זאָגט זי. לאָמיר זיך נישט נאַרן, פרנסה איז אויפן ערשטן אָרט.

**לאַראַ** : ריכטיק. דאָס איז טאַקע איינע פון די דאָמינירנדיקע פאַקטאָרן, פאַרוואָס מענטשן מוזן אַרבעטן בײַ וואָס עס לאָזט זיך. עס איז באמת זייער זעלטן, ווען ס'גיט זיך ווע‏מען אײַן...

**פראַנק** : (צו לאַראַ) ביסט פולשטענדיק גערעכט, לאַראַ. פאַרגעס נישט אַז אויך אין אונדזער פאַל מוזן מיר פאַרקויפן אַ באַדײַטנדיקע צאָל ביכער פון פאַרשיידענע זשאַנערס.

**אַנעט** : און דאָס, זײַט וויסן, איז מײַן מאַנס פּראָבלעם. ער ווערט זיך, ווי ווײַט מעגלעך. פאַרגעסט נישט אַז ער איז אַ פּיליצער...

**פראַנק** : כ'בין זיך מודה, צו זײַן אַ סוחר, דאַרף מען קענען די קונץ... איינפאַך: איך בין דערצו נישט פעיק... איז גוט אַזוי...

**מאַרי** : מאַך זיך נישט נאַריש, פראַנק, ביסט יאָ פעיק. עס איז בלויז דײַן מענטאַליטעט. דו קענסט זיך נאָך אַלץ נישט באַפרײַען, פון דעם וואָס דײַנע עלטערן האָבן אין דיר אײַנגעפלאַנצט.

**אַנעט** : בראַוואָ מאַרי, אָבער פאַרגעס נישט, אַז אַ שטעקן האָט צוויי עקן... ווען פראַנק וואָלט געווען אַנדערש ווי ער איז, וואָלט ער נישט געקענט זײַן מײַן מאַן... (אַלע לאַכן) פאַרשטענדלעך, אַז קײַן גרויסע געשעפטן קען מען מיט אַזאַ צוגאַנג נישט מאַכן.

**פראַנק** : ווי עס זאָל נישט זײַן, מאַכן מיר דאָך אַ שיין לעבן. דער ביכער-מאַרק ווערט פאַרפלייצט איבער די ברעגעס. שרײַבער קענען אויך נישט לעבן פון עולם-הבא. שרײַבט מען. אַ גרויסע צאָל שרײַבער פאַסן זיך צו צום נאָכפרעג.

**לאַראַ** : איר ווייסט וואָס, ממש ווי אַ בליץ, איז מיר איצט דורכגעלאָפן דער געדאַנק: ווער האָט הײַנט צײַט צו לייענען? איך מיין עס ערנסט.

**מאַרי** : און די הויפּט־זאַך זיך צו גריבלען אין די שווערע ביכער וועלכע פראַנק האָט ליב...

**פראַנק** : איך קען אײַך פאַרזיכערן, אַז טראָץ אַלעמען קויפט מען בײַ הײַנט צו טאָג אַלע סאָרטן ביכער.

**לאָראַ** : דאָס הייסט, אַז מען קויפט און מ׳לייענט, נאָר נישט לויט דײַן ליטעראַרישן געשמאַק.

**פראַנק** : איך בין נישט זיכער, לאָראַ, אַז ס׳איז ווערטלעך אַזוי אידענטיש ווי דו פאַסט עס אויף. איין זאַך איז זיכער, אַז דער ווילן; דער אינטערעס; דער נײַגער איז גרויס. די צײַט – איז אַ פּראָבלעם; אין דעם הו האַ, ווערן אוצרות צעטראָטן. כ׳מײַן פאַרלאָרן...

**אַנעט** : כ׳מוז אַמאָל מסכּים זײַן מיט מײַן אייגענעם מאַן. (אַלע לאַכן) כאָטש ער רעדט דיפּלאָמאַטיש, איז די ריכטיקײַט, אַז ס׳בלײַבט לײַדער נישט דעם יונגן אַרבעטס־מענטש, קײַן צײַט צו לייענען. דאָס געיעג נאָך מאַטעריעלע ווערטן, ציט פון זיי אַרויס דעם מאַרך פון די ביינער.

**פראַנק** : כ׳קען נאָר צוגעבן, אַז אַנעט רעדט נישט סתּם אין דער וועלט אַרײַן; זי זייגט עס נישט אויס פון פינגער.

**מאַרי** : דאָס לייגט זיך יאָ אויפן שׂכל. עס גייט צוזאַמען מיט דער הײַנטיקער צײַט; נײַע דערפינדונגען – אַ פרישער געיעג.

**פראַנק** : (עס לאָזט זיך באַמערקן, אַז לאָראַ וואַנדערט אַוועק מיט אירע געדאַנקען) אַ סוף, גענוג שוין וועגן אונדזערע ״ביזנעס״. דערציילט עפּעס וועגן זיך...

**אַנעט** : עס איז קלאָר, אַז וועגן אייגענעם טאַלאַנט, רעדט זיך

ניט אַזוי לײַכט... מען איז דאָך אייגענע... נו, וואָס זאָגסטו, לאַראַ? איך ווייס, אַז דו האָסט זיך נישט ליב צו רימען...

**לאַראַ** : אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט, אַנעט...

**מאַרי** : ווען איך טו אַמאָל אַ טראַכט וועגן אײַנגעבאָרענעם טאַלאַנט, קען איך נישט פאַרלייקענען, אַז ס'איז אַ ברכה, אָבער גאַנץ אָפט, צום באַדויערן, אַ קללה...

**פראַנק** : אָבער בײַ אײַך, אויף וויפל איך געדענק, און וואָס מײַנע עלטערן פלעגן דערצ...

**אַנעט** : האָבן די זעלמאַנס שטענדיק, פאַרשאַפט פאַרגעניגן אַנדערע... אָט דאָס פאַרשטיי איך, פאַרשאַפט גרויס סאַטיספאַקציע. צו דעם שטרעבן אַ סך מענטשן...

**לאַראַ** : עס איז גוט צו וויסן און נאָך בעסער צו הערן. איך בין זייער דאַנקבאַר פאַרן ווערן דערשאַצט, אָבער אויך אונדזער פּראָפעסיע, בעסער געזאָגט: דער גענוס גייט האַנט בײַ האַנט מיט קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען...

**פראַנק** : פאַרשטענדלעך. מאַרי, כ'האָב דעם אײַנדרוק, אַז דו כאַפּסט שוין אַ דרעמל. אַנעט, "קאָם אָן" לאָמיר גיין (שטעלן זיך ביידע אויף) איר זענט אַלע אַזוי מיד.

**אַנעט** : יאָ, מיר גייען. סיוואַרט אויף אײַך מאָרגן אַ שווערער טאָג אַרבעט...

**יאַני** : (שטעלט זיך אויף) בלײַבט נאָך, ביטע...

**סעראַ** : (שוואַך) צום ערשטן מאָל האָב איך הײַנט געהערט אַזאַ אינטערעסאַנטן שמועס...

**אַנעט** : אָ סעראַלע... האָסט קײן מאָל נישט געהאַט די געלעגנהײט...

**יאַני** : דאָס זעלבע האָב איך געטראַכט. ווי מאָדנע. פּונקט דאָס זעלבע. ביסט גערעכט, סעראַ, צום ערשטן מאָל...

**לאָראַ** : אונדזערע קינדער האָבן זיך ליב צוצוהערן.

**יאַני** : מאַך נישט קײן טעות, מאַמ... עס ווענדט זיך...

**פראַנק** : (דערפילט די פאַרלעגנהײט) לאָמיר גײן אַנעט, איך בין אויך מיד. מען...

**אַנעט** : מען זעט זיך מאָרגן און נאָך אַמאָל, מיט דעם רעכטן פוס! (צו די קינדער:) זײַ געזונט, סעראַ. באַי, באַי...

**די קינדער** : אַ דאַנק... באַי...

**פראַנק** : (קערט זיך צוריק) יאָ. פאַרגעסן אײַך אָפּצוגעבן אַ גרוס פון מײַן ברודער.

**מאָרי** : אַ, דער פון לאָס-אַנדזשעלעס? פאַרגעסן זײַן נאָמען... יעדנפאַלס, אַ דאַנק.

**פראַנק** : סאָלאָמאָן. שלמהלע פלעגן אים די עלטערן רופן. ער לאָזט אײַך האַרציק גריסן, אין זײַן לעצטן בריוו...

**לאָראַ** : (זיי שטייען שוין אַלע פיר. די קינדער הערן זיך צו מיט נײַגער.) דער שרײַבער, ווי גייט עס אים?

**פראַנק** : יאָ. אַליין רופט ער זיך: "אַ שטיקל שרײַבער". ער האָט אויך זײַנע פּראָבלעמען. פאַר אונדז קען עס אויסזען

 נישטיק... אָבער פאַר אים, שרײַבן זאָגט ער, איז זײַן לעבן.

**אַנעט** : אַ פּראָפּאָ שכנים. ער שרײַבט, אַז זײַנע שכנים, זיינען צו גוט צו אים...

**מאָרי** : אַ חסרון – די כּלה איז צו שיין... מײַן מאַמעס ווערטל...

**פראַנק** : ער שרײַבט, אַז זײַנע שכנים, קעכלען אים אַזוי, ווען זײַן פרוי פאָרט אַוועק, אַז ער קען ממש נישט אַרבעטן...

**אַנעט** : (לאָראַ קוקט אויף די קינדער) איז ווי געפעלן אײַך עפּעס מײַן שוואָגערס פּראָבלעמען? (ווײַזט אויפן מאַן) די צוויי ברידער, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער...

**פראַנק** : די קינדער זייערע זײַנען שוין זעלבשטענדיק. בעסער געזאָגט, זיי גייען שוין זייער וועג. אַזוי ווי אונדזערע קינדער.

**מאָרי** : אין זעלבן עלטער ווי אונדזערע?

**אַנעט** : אומגעפער. אַך, מיר קענען אַזוי רעדן ביז מאָרגן...

**לאָראַ** : זעט אויס, אַז מיר טרעפן זיך צו זעלטן...

**מאָרי** : אַלע זײַנען פאַריאָגט, וואָס קען מען זיך העלפן.

**פראַנק** : זעט מען זיך מאָרגן!

**אַנעט** : אַ גוטע נאַכט. (צו די קינדער) זיסע חלומות...

**זעלמאַנס** : אַ גוטן. באַי... באַי... (זיי גייען אַרויס. אַ שטילשווײַגן. אַלע זײַנען אָנגעשטרענגט. לאָראַ עפנט איר בײַטל

און נעמט אַרויס אַ קליין נאָטיץ-ביכל; מאַרי טאַפּט סעראַס שטערן. יאַני וויל העלפן סעראַן אויפשטיין נאָר זי דרייט זיך אַמן אויפן טאַפּטשאַן. מאַרי נעמט די צעטלען צו גיין אין אַפּטייק. ער מאַכט עטלעכע טריט צו דער טיר)

**לאַראַ** : (צו מאַרי. קוקט אויפן זייגער) וואַרט צו אַ ווײַלע... ווערסט נאָך באַוויזן. אַגב גיסט אין דרויסן ווי מיט צעבערס. (אַ פּויזע) איר זענט מיר אַלע שולדיק אַן ענטפער. איך האָב אײַך פריער געפרעגט, וואָס עס קומט דאָ פאָר... איך פיל, אַז איר באַהאַלט עפּעס אויס פאַר מיר...

**מאַרי** : שטיי נישט אַזוי צו, לאַראַ. באַרויק זיך און האָב געדולד.

**לאַראַ** : געדולד? איך פאַרליר מײַן גלײַכגעוויכט!...

**סעראַ** : ביטע מאַ... עס איז... וואָס איך פיל זיך שוואַך... איך האָב שרעקלעך מורא... ווער ווייס צי איך וועל קענען; צי איך וועל האָבן כּוח... (וויינט) דער קאָנצערט...

**יאַני** : (העלפט סעראַן אויפצושטיין) קום סעראַ, לייג זיך צו אויפן בעט. (ער פירט זי אַרויס; דאָס פּאַרפאַלק בלײַבט אַ ווײַלע אַליין.)

**לאַראַ** : (נעמט אים אַן פאַר די קליאַפּעס און שאָקלט אים) אומפאַרשעמט צו שפּילן פאַר די קינדער, אַז דו ביסט גאָט די נשמה שולדיק! דו קענסט זיך דערלויבן צו זײַן געלאַסן!...

**מאַרי** : ווי און וואָס עס זאָל נישט זײַן, ווער דיר איצט גאָרנישט העלפן. טרײַב נישט איבער און וואַרף זיך נישט אַזוי. פאַרגעס נישט, אַז איך האָב אויך געפילן...

**לאַראַ** : געפילן... אַ ווײַסן לונגן-לעבער, אָט דאָס וואָס דו האָסט! דײַן אייגענע מאַמע פלעגט אַזוי, כלומרשט זאָגן אין אַ וויץ... איך בעט דעם אמת, בעט איך!

**יאַני** : (אײַנקומענדיק) אַ ביסל שטילער... אײַערע געשרײַען הערט מען ווי ווײַט...

**לאַראַ** : נו, איז וואָס שעמסטו זיך? איך וועל זיך נישט באַרויקן! זאָגט מיר תּיכּף, וואָס עס איז פּלוצלינג געשען מיט סעראַ!

**יאַני** : (רויק) סעראַ דאַרף מאָרגן אַרײַנגיין אין שפּיטאָל.

**לאַראַ** : (אויפגעטרייסלט) שפּיטאָל?... וואָס האָט פּאַסירט.

**מאַרי** : מיוועט נאָך זען. סיקען מעגלעך זײַן, אַז אויב זי וועט גוט שלאָפן...

**לאַראַ** : (אײַנגעבראָכן) אַן אומגליק... מײַן קינד... וואָס, ווען? רעד...

**יאַני** : לאָז איצט, מאַמע... איך פאַרשטיי, אַז דו לײַדסט; אַז דו לעבסט עס איבער.

**לאַראַ** : (באַליידיקט) איך קען דיר עס קוים גלויבן, מײַן טײַערער זון... ביסט אַפילו פעיק מיר אַרײַנצוזאָגן אין קעגנוואַרט פון מײַנע פרײַנד... (היסטעריש) פאַרוואָס און פאַרוואָן קומט עס מיר?

**יאַני** : איך ווייס נישט. (פּויזע) ווען דו וואָלסט אונדז באַטראַכט ווי דערוואַקסענע מענטשן, וואָלט אַלץ אין גאַנצן אַנדערש אויסגעזען... האָסט נעכטן און הײַנט אַליין געזאָגט, אַז

ס׳איז נישטאָ קײן צײט צו רעדן... (לאָראַ װײנט)

**מאָרי** : מען שפּילט זיך דאָ אַרום מיט שטעכװערטלעך און מען פֿאַלט אָן אײנער אויפֿן צװײטן װי ריכטיקע שונים.

**סעראַ** : (קומט צוריק אַרײַן) אומגעמעגלעך צו רוען... די געשרײען; די געװאַלדן... און דו פּאַפּאַ אויך... אונדזערע פּראָבלעמען זײַנען דיר אין גאַנצן פֿרעמד...

**מאָרי** : (סעראַ זעצט זיך צוריק אויפֿן טאַפּטשאַן) האָסט אַ טעות, סעראַ! װי פֿאַלט דיר אײַן אַזוי צו טראַכטן? װי קומט עס...

**סעראַ** : דו פֿאַרלאָזט זיך אַלץ אויף דער מאַמאַ... זי קען זיך אַלײן קײן עצה נישט געבן. ס׳איז צו שװער...

**יאָני** : (צו סעראַ מיטן פֿינגער אויף זײַנע ליפּן) ש... ש... סעראַ, איך בעט דיך...

**סעראַ** : די מאַמאַ װיל נאָר...

**לאָראַ** : װאָס װיל די מאַמאַ, נאָר? רעדט אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל... כ׳װײס נישט אויף װעלכער װעלט איך בין...

**יאָני** : מיר װײסן, אַז דו מײנסט גוט... נאָר דו באַמערקסט נישט, אַז אונדז איז זײער שװער; די קריגערײַען; די סקאַנדאַלן... ס׳איז אומדערטרעגלעך...

**לאָראַ** : אײַך, אײַך איז שװער? איר װײסט נאָך נישט, װאָס שװער הײסט... װי עס זאָל נישט זײַן, נישט װאָגן זאָלט איר מיר צומאַכן דאָס מויל! אויב קענט איר נישט הערן, טאָ פֿאַרשטאָפּט אײַך די אויערן...

**מאַרי:** (צו לאַראַ) גענוג! זאָל שוין נעמען אַן ענד! קוים הויבסטו אָן, ווייסטו נישט קיין סוף... (אַ קוק אויפן זייגער) איך פאָר צו נאָך די רעצעפּטן, ווײַל ס׳...

**לאַראַ:** ניין! דו בלײַבסט דאָ! (זי גייט צו צום טעלעפאָן און דרייט זיבן נומערן. אַלע דרײַ ווערן פאַרגליווערט)
איך וויל רעדן צום דאָקטער שילסקע.
אַ דאַנק.
דאָ רעדט פרוי זעלמאַן.
יאָ, יאָ. צום דאָקטער שילסקי.
איך אַנטשולדיק זיך... עס איז צו שפּעט...
אַ שיינעם דאַנק.
יאָ, וועגן מײַן טאָכטער סעראַ...
איך ווייס עפּעס, אָבער נישט אַלץ. איך...
איך האָף אַזוי... אָבער איך פיל, אַז זיי באַהאַלטן עפּעס אויס פאַר מיר...
נישט אמת, הער דאָקטער...
ניין, נישט ריכטיק! דער קאָנצערט איז נישט אַמוויכטיקסטן...
פאַרשטענדלעך, אַז איך בין זייער אָנגעשטרענגט...
כ׳קען זיך נישט העלפן... עס איז מײַן פּראָפעסיע...
פאַר קײַן פאַל נישט, סעראַס געזונט איז וויכטיקער...
אויסשווענקען דעם מאָגן?... צוליב וואָס?...
עס מוז זײַן אַ טעות...
אויב אַזוי, בין איך די מוטער איך פאַרלאַנג פון אײַך דעם...
יאָ. זאָרגט אײַך נישט פאַר מיר. איך בין גענוג שטאַרק...
אַ שאָק, קען אַ מאָל זײַן צום גוטן...
וואָס? אַלע קינדער אין זייער עלטער אַרבעטן שווער...
אונטער אַ צו שטאַרקן דרוק?... איך הער...
אַהאַ. אַזוי איז אויך אײַער אײַנזען... די קינדער זײַנען...
יעדנפאַלס בין איך זייער מוטער און איר אַלס דאָקטער, באַדאַרפט זיך רעכענען מיט אַ וואָרט...
איך שרײַ נישט. איך מיין, אָבער, אַז איר האָט נישט קיין רעכט

מיר צו ש...
האָט זי אָנגערופן נעמען?
איר האָט רעכט, ס׳איז טאַקע נישט וויכטיק... אַ דאַנק, הער
דאָקטער... באַי...

(אין דער זעלבער צײַט, ווען לאַראַ לייגט אַוועק ס׳טרײַבל און
בלײַבט שטיין. אומבאַוועגלעך בײַם טעלעפאָן, לויפט מאַרי
אַרויס צום אַפּטייק.)

**סעראַ** : (צו דער מוטער) קום אַהער, מאַמאַ... אַנטשולדיק
מיר...

**לאַראַ** : (דערנענטערט זיך) פאַרוואָס סעראַ?... דערקלער,
ביטע פאַרוואָס?...

**סעראַ** : איך בין געווען צו שוואַך... כ׳האָב זיך נישט געקענט
אַליין העלפן... וואָס האָט דיר דער דאָקטער געזאָגט?

**לאַראַ** : ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין...

**יאָני** : וואָס אַזוינס?

**לאַראַ** : דו זיץ און שפּרינג נישט, ווי אַ ווילדע חיה!

**יאָני** : איך מעג אויך זאָגן, וואָס איך טראַכט... כ׳מײן, אַז אַ
מוטער דאַרף פילן ווען אירע קינדער לײַדן...

**לאַראַ** : וועסט חרטה האָבן, פאַר אַזעלכע רייד!

**סעראַ** : מאַמ, זײַ נישט בייז. איך האָב זיך פאַרטרויט פאַר
מײַנס אַ פרײַנד; איר דערציילט וועגן מײַנע פּראָבלעמען...

**לאַראַ** : וואָס פאַרא פּראָבלעמען? וועגן וואָס מיינסטו?...

**סעראַ** : אַז איך בין שוואַך און, אַז איך האָב שרעקלעך מורא פאַר דער גענעראַל-פּראָבע. איך האָב שטאַרק געוויינט, האָט זי מיר עפּעס געגעבן... די ערשטע צוויי האָבן מיר גלײַך פאַרשאַדט (וויינט) וואָס וועט איצטער זײַן?...

**יאָני** : זאָרג זיך נישט, סעראַ וועסט זען...

**לאַראַ** : (רעזיגנירט) וויפל מאָל האָב איך געוואָרנט, אַז איר זאָלט זיך נישט דערוועגן עפּעס צו פאַרזוכן; עפּעס אײַנצונעמען אָן מײַן וויסן!

**יאָני** : איר פרײַנד איז נישט שולדיק. זי האָט איר געוואָלט העלפן, אַז דער קאָנצערט זאָל נישט צעשטערט ווערן.

**לאַראַ** : דו ביסט אויך נישט דער זעלבער יאָני, ווי געווען... אַזאַ קלאַפּ מיט איין מאָל... (זי שפּאַנט אַרום און קנאַקט די פינגער)

**יאָני** : עס איז נישט געקומען מיט איין מאָל...

**לאַראַ** : וואָס הייסט?

**יאָני** : דאָס הייסט, אַז מיר זײַנען דערוואַקסן; מיר זײַנען נישט מער קײַן קינדער.

**לאַראַ** : נו, איז וואָס?

**יאָני** : מאַמע! האָסטו זיך אַמאָל פאַרטראַכט, אַז פּונקט ווי דו האָסט דערגרײַכט דײַן קאַריערע, ווילן מיר אויך אַליין...

**סערא** : מאַמאַ, גלויב מיר, אַז איך האָב ליב צו טאַנצן.

**לאָרא** : איך גלויב דיר ,טײַערע... דו טאַנצסט פּרעכטיק.

**יאָני** : זי וויל אָבער נישט זײַן קײַן טענצערין און איך אַוודאי און אַוודאי נישט... מיר ווילן אַליין עפּעס אָנהויבן; עפּעס שאַפֿן און דערגרייכן!...

**לאָרא** : אָבער איצט? שוין איצט, אַ טאָג פֿאַרן קאָנצערט... און אַלץ זאָל זיך צעטראָגן מיטן ווינט?...

**סערא** : ש, ש, מאַ. מיר ווילן, אַז דו זאָלסט זיך גוט צוהערן... מיר האָבן דיך דאָך ליב. מוזסט אָבער איין זאַך פֿאַרשטיין, אַז מיר זײַנען נישט קײַן מאַריאָנעטן...

**יאָני** : מיר זײַנען דײַנע קינדער אָבער מיר טראַכטן און מיר פֿילן יעדערער באַזונדער. מיר זײַנען אויך מענטשן...

**לאָרא** : הערט מיך אויף צו פּײַניקן!... איך פֿאַרשטיי... איך פֿאַרשטיי...

**יאָני** : אָבער דו ווילסט שטענדיק אויספֿירן סידײַניקע... ביסט אונדז גרייט צו מאַכן פֿאַר שקלאַפֿן!!!

**לאָרא** : (מאָרי קומט אַרײַן. אין דער זעלבער צײַט, לויפֿט לאָרא צו צום זון און גיט אים אַ פּאַטש אין באַק) דאָ האָסטו מײַן זון, האָסט זיך עס כּשר פֿאַרדינט!...

**מאָרי** : שטיל! ווילדע חיות, אָט דאָס וואָס איר זענט! (סערא שטעלט זיך קוים אויף נעמט אַרום יאָנין)

**לאָרא** : (ווילד) איר זענט איינער נישט בעסער פֿאַרן צווייטן!

יעדער איינער פון אײַך, טראָגט אַ גרעסערע שולד ווי איך... (זי כליפּעט אויפן קול און לויפט צו דער טיר) דאָס וועט אײַך אַלעמען טײַער קאָסטן... (לאָראַ לויפט אַרויס סעראַ וויינט. יאָני באַרויקט זי. מאָרי נעמט אַ צײַטונג, שטעלט אָן די מוזיק און ליכט-בילד, וואו די שקאָלניקס און קרען שפּילן זייער אַקט. אַזוי ווי די קינדער דערהערן די מוזיק, גייען זיי אַרומגענומען אַרויס. מאָרי בלעטערט אַליין זיצן אין פאָטעל. די ליכט גייט לאַנגזאַם אויס...)

סוף.

# דער פילאָזאָף

ווערטער: דאָבקע אַפּעלאָוויטש

מוזיק: איצל אַפּעלאָוויטש

Adagio

Cm Cm Ab Cm

ווּאו זשע האָ בן נעכ טן מיר זיך אָפּ גע שטעלט

Ab Fm

באַ אַז זיך דוכט בן האָ מיר רירט די שוין גאַנ צע וועלט

Do G

כּיפאַרשטייי מײַן יונ גער פּרײַ נד זיך און היץ אין וואַרפט

G7 Cm Do

קעלט צו דײַ נע זי סע מען טרוי ציט און האַרץ מײַן אויך

Cm

קווועלט

# דער סטודענט

ווערטער: דאָבקע אַפּעלאָוויטש
מוזיק: איצל אַפּעלאָוויטש

Allegro

F Bb

פאַר זיך גוט גאַנץ איך מיין דע ביי בן האָ מיר

F Bb

פון לײַנט אַ כיוויס מיר גן ווי טן נעכ זינט נען שטאָ

Dm F Eb

רע שווע בלויז זיך גן ווי טן נעכ זינט נען וואָ

Bb F Bb

צו בלאָ און ראָז דאָס איז צים פלו דן שוואונג פאַר מען גראָ

Dm

מען זאָ

# די ראָד

ווערטער: דאָבקע אַפּעלאָוויטש
מוזיק: איצל אַפּעלאָוויטש

**Moderato**

C F Dm

ען דריי ביק איי ען דריי זיך ראָד די סוועט

G7 C C F Dm G7

גע זען דער וואונ דעם לט אַ און יונג מיר לאָ איז סײַ ווי סײַ

1. C 2. C F Em E7

טרײַ טרײַ און שטרע בן צו גע ני סן פון

E7 Am Dm Dm

אַלץ וואָס איז נאָר פרײַ מיר און איר און וועלט טיזיך

F G E7 Dm F

דריי ען סײַ ווי סײַ מיר און איר און וועלט טיזיך

G7 C

דריי ען סײַ ווי סײַ

# דעם גורלס שפּיל

## דראַמע אין צוויי אַקטן

| פּערזאָנען : | עלטער |
|---|---|
| יאָלקע נאָוויטש | 18 |
| בערקע (יאָלקעס חבר) | 18 |
| זרח נאָוויטש | 46 |
| יעטע שטיין | 17 |
| שרה וואַלדמאַן | 45 |
| צוויי טעקסטיל־אַרבעטער | 37,35 |
| הערצקע שטיין | 48 |
| (טעקסטיל־פאַבריקאַנט) | |
| טעמע שטיין | 45 |
| גרונע די דינסט | 35 |

## ערשטער אַקט

די אַקציע שפּילט זיך אָפּ אין אַ פּויליש־ליטווישער שטאָט. צײַט — פרילינג, 1931.

די וואוינונג פון די נאָוויטשעס. זרח נאָוויטש איז אַן אַלמן. ער האָט איין זון יאָלקע. דער צימער קאָמבענירט: אַ קיך און עסצימער צוזאַמען. דאָס מעבל איז אַלט. אַ טיש מיט פיר שטולן; שרײַבטישל, אַ פאָליצע מיט אַ סאַמאָוואַר; אַ „פּרימוס"־מאַשינקע; אַן אַלטער גראַמאַפאָן; אַ שענקל און אַן אָפּגוס. ווען די ליכט גייט אויף, זיצט יאָלקע מיט זײַן חבר בערקע, בײַם שרײַבטישל. סיליגן אָפענע ביכער און העפטן. זיי האַלטן פעדערס אין די הענט און שמועסן. פון גראַמאַפאָן טראָגט זיך גאַנץ שטיל, אַ קלאַסישער מאָטיוו.

**בערקע** : יאָ, אין גאַנצן דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז מײַן מוטער האָט זיך געפרעגט אויף דיר.

**יאָלקע** : וועגן וואָס? עס וואונדערט מיר זייער... זי האָט מיר בלויז איין מאָל געזען.

**בערקע** : נו איז וואָס? בײַ מיר איז עס גאַנץ נאַטירלעך. זי אינטערעסירט זיך שטענדיק מיט מײַנע פרײַנד... דאָס הייסט נישט, אַז איך מוז איר אַלץ דערציילן...

**יאָלקע** : וואָס האָט זי אייגנטלעך געוואָלט וויסן?

**בערקע** : גאָרנישט ספּעציעל. וואָס איך האָב איר געזאָגט איז, אַז איך קען דיך בלויז פון אוניווערסיטעט; אַ גאַנץ קורצע צײַט.

**יאָלקע** : ריכטיק. דער אמת איז, אַז דו ווייסט אַליין גאַנץ ווייניק וועגן מיר... באַזונדער, זײַנען עלטערע מענטשן שרעקלעך טשעקאַווע...

**בערקע** : מעגלעך, אַז דו ביסט גערעכט, נאָר יונגע מענטשן הערן אויך נישט אויף צו פרעגן.

**יאָלקע** : אָן שום צווייפל, אָבער ס'איז אַ גרויסער אונטערשייד. מיר הויבן ערשט איצט אָן צו לעבן; שטודירן פון די ביכער מוז מען, אָבער חוץ דעם דאַרפן מיר...

**בערקע** : דו מיינסט צו זאָגן, אַז מיר האָבן ווייניק דערפאַרונג. דעריבער...

**יאָלקע** : אַזוי איז עס. פאַר יונגע מענטשן איז דער נײַגער, אַ נאַטירלעכע זאַך...

**בערקע** : יאָ, אָבער ס'האָט גאָרנישט איינס צום צווייטן. עלטערע מענטשן זײַנען נײַגעריק, אויף זייער שטייגער.

**יאָלקע** : ביסט גערעכט. כ'מיין, אַז אויך עלטערע מענטשן קען מען נישט אַלע אַרונטערנעמען אונטער איין מאַנטל. איך האָב זייער ליב צו אָבסערווירן די אַנדערשקײַט. אויבנאויפיק דאַכט זיך, אַז מיר זײַנען אַלע פון איין טייג געקנאָטן... אָבער ווען מען פאַרטראַכט זיך באַמערקט מען, אַז יעדער מענטש איז אַ וועלט פאַר זיך. דו פאַרשטייסט וואָס איך מיין?

**בערקע** : געוויס פאַרשטיי איך. איך בין דערמיט פולשטענדיק מסכּים. יעדן פאַל, מײַן מוטער איז באמת, זייער טאָלעראַנט. ספּעציעל צו מײַנע פרײַנד. (פּויזע) איך האָב איר אויך געזאָגט, אַז ווי ס'שײַנט, האָסטו נישט קײַן מוטער.

**יאָלקע** : ס'שטימט. מײַן מוטער איז געשטאָרבן מיט העכער אַ יאָר צוריק. זי איז דעמאָלט אַלט געווען, פיר און פערציק יאָר. צען יאָר איז זי געלעגן צו בעט. מײַן פאָטער, האָט צװײַטנוויײַז געאַרבעט טאָג און נאַכט...

**בערקע** : מיט וואָס האָט ער זיך באַשעפטיקט?

**יאָלקע** : (נעמט אַ טעפּעלע און גייט צום קראַן נאָך וואַסער) ווילסט אויך אַ טרונק?

**בערקע** : ניין, אַ דאַנק. כ'בין נישט דורשטיק.

**יאָלקע** : ביז מיט אַ דרײַ יאָר צוריק, האָט ער געאַרבעט אין אַ טעקסטיל-פאַבריק, אַלס וועבער. דאָרט פלעגט ער אַרבעטן די נעכט און די טעג, פלעגט ער כאַפּן אַ דרעמל און אַכטונג געבן אויף דער מוטער. קאָכן, וואַשן און איך פלעג אַ ביסל צוהעלפן.

**בערקע** : (פאַרטראַכט) יאָ, כ'געדענק אויך, אַז דו ביסט אַן איין און איינציק קינד... און קרובים?

**יאָלקע** : נישט דאָ. די גאַנצע משפּחה פון מײַנע עלטערן, איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

**בערקע** : און פרײַנד?

**יאָלקע** : אויף דעם קען איך דיר לײַדער, נישט ענטפערן. עס איז אויך פאַר מיר געבליבן אַ רעטעניש. איך טראַכט לעצטנס, אַ סך וועגן דעם...

**בערקע** : נו זאָל זײַן גענוג אויף הײַנט... ס'איז פאַרשטענדלעך...

**יאָלקע** : ניין, ניין, ס'שאַדט נישט. פּונקט פאַרקערט. כ'געדענק נישט ווי אַזוי, ס'איז לעצטנס געקומען צו רייד, האָט דער פאָטער מײַנער אַ זאָג געטאָן: "מענטשן האָבן ליב צו קומען, דאָרט וואו עס לאַכט זיך... בײַ אונדז וויינען די ווענט" האָט ער צוגעגעבן. ער האָט קיינעם נישט באַשולדיקט. פאַרקערט, ער האָט אויסגעמיטן וועמען צו באַלאַסטיקן.

**בערקע** : ווי איך פאַרשטיי איז דײַן פאָטער אַן איידעלער, קלוגער מענטש.

**יאָלקע** : יאָ. ער איז נישט קײַן געבילדעטער. ער קען לייענען יידיש און איז אַ שטאָלצער מענטש.

**בערקע** : (לענגערע פּויזע) איך באַנעם; איך פאַרשטיי דײַן פאָטערס ווערטער. מײַנע עלטערן דערציילן אָפט וועגן ענלעכע פאַלן. כ'מיין וועגן שווערע סיטואַציעס, בײַ זייערע פרײַנד. איך קען וועגן... (ווערט שטיל)

**יאַלקע :** פאַרוואָס פאַרענדיקסטו נישט דעם זאַץ?

**בערקע :** אַנטשולדיק איך פיל זיך עפּעס, מאָדנע אומבאַקוועם...

**יאַלקע :** וואָס מיינסטו דערמיט? קרעמפּיר זיך נישט, רעד אָפן.

**בערקע :** ווײַל... ווײַל איך בין זייער מזלדיק אין פאַרגלײַך מיט דיר. כ'מיין מיט אײַערע פּראָבלעמען...

**יאַלקע :** זײַ נישט קיין נאַר, בערקע, ס'איז נישט דײַן שולד. קיינער איז נישט שולדיק... ס'איז אַ גורל זאַך.

**בערקע :** אפילו, אָבער איך זע דערין אַ גרויס אומרעכט... (פּויזע) בײַ אונדז אין שטוב, אויף וויפל איך געדענק, האָט מען שטענדיק גערעדט אָפן, וועגן אַלץ און אַלעמען. מײַן מוטער האַלט, אַז אין אַ משפּחה דאַרף איינער פאַרן צווייטן נישט האַלטן קײַן סודות.

**יאַלקע :** אַ זייער קלוגער געדאַנק, אויב עס לאָזט זיך נאָר דורכפירן. דער גורל איז אַ סך מאָל אַזוי אומברחמנותדיק, אַז דו דעצעדירסט גלײַכער צו האַלטן אַ סוד, איידער דערצערנען די נאָענטסטע... טאַקע צוליב אָט דער סיבה, האָב איך אויסגעמיטן צו פרעגן איינצלהײַטן.

**בערקע :** עס לייגט זיך אויפן שכל.

**יאַלקע :** פּשוט, נישט געוואָלט זיי ווײ טאָן. איך דערמאָן זיך אָפּט די צײַט, ווען איך בין נאָך געגאַנגען אין דער גרונט-שול. בין דאַן אַלט געווען אַרום נײַן אָדער צען יאָר. פאַרשטענדלעך, אַז אָן אַ שיער פראַגעס האָבן דאַן אָנ געהויבן צו מאַטערן...

**בערקע** : נו?

**יאָלקע** : כ׳האָב מײַנע עלטערן גאָרנישט געפרעגט. כ׳האָב קײנעם נישט געפרעגט... כ׳טראַכט, אַז כ׳האָב שלעכט געטאָן... װי מײנסטו?

**בערקע** : דעם אמת געזאָגט, איז מיר די פּראָבלעם אין גאַנצן פרעמד. װי כ׳האָב שױן פריער געזאָגט, זײַנען מײַנע עלטערן נישט מיד געװאָרן ענטפערנדיק. זײ האָבן נישט אײן מאָל זיך געװיצלט אויף מײַן חשבון. מײַן עלטערע שװעסטער האָט ממש געחוזקט און מיך איבערגערופן, "קלאָץ-קשיה"... אין דײַן פאַל, שװער צו זאָגן. דו טראַכסט אַװדאי, אַז װען דו װאָלסט יאָ געפרעגט... װאָלט אפשר, אַלץ אַנדערש אויסגעזען.

**יאָלקע** : אַזױ איז עס. נישט אײן מאָל מאַך איך זיך פאָרװאורפן. (פּויזע) ס׳איז אפשר קינדעריש אַזױ צו רעדן װאָס עס װאָלט געװען, װען... יעדן פאַל, הײַנט טראַכט איך, אויב מיר װאָלטן דעמאָלט אָפן געשמועסט װעגן אונדזערע פּראָבלעמען, װאָלט קען זײַן אונדזער לעבן, זיך פאַרקערעװעט אין אַן אַנדער ריכטונג.

**בערקע** : װען, װען די באָבע װאָלט געהאַט רעדער, װאָלט זי געװען אַ... אַ... אַ... אַזױ פלעגט מײַן זײדע זאָגן... (זײ לאַכן לײַכט) אין יעדן פאַל, איז נישט קײַן פעולה זיך אַלײן צו שטראָפן.

**יאָלקע** : יאָ, אָבער אַזױ שװײַגנדיק, איז געװאָקסן מיט מיר צוזאַמען אַזאַ מין סאָרט, צוריקגעהאַלטנקײַט... כ׳װײס אַלײן נישט װי עס אָנצורופן.

**בערקע** : אָ, ס׳קען זיך פאַרבעסערן. װי זאָגט אונדזער צעדרײטער פּראָפעסאָר, אַז עס איז נאָך נישט געבױרן געװאָרן

דער גאון, וועלכער זאָל נישט מאַכן קײַן פעלערן... (לאַכן) מען קען עס נישט אויסמײַדן.

**יאָלקע** : מײַן פאַל איז שטאַרק קאָמפּליצירט. עס איז אַזוי אומבאַמערקט געוואָרן, אַ שטריך פון מײַן כאַראַקטער; אַזאַ נאַטור...

**בערקע** : כ׳בין זיכער, אַז ס׳וועט זיך ענדערן. כ׳מיין אַמערע באַדינגונגען. אפשר וועט שוין איצט זײַן לײַכטער...

**יאָלקע** : דו האָסט אין זינען מײַן מוטערס טויט?... קען זײַן. (יאָלקע ווערט זייער אומעטיק) מיר האָבן זיך צוגעקוקט ווי שרעקלעך זי האָט געליטן... און דער טאַטע... וויפל געדולד; מיט וויפל ליבע ער האָט איר באַדינט...

**בערקע** : אַ, יאָ, (וויל ענדערן די טעמע) איידער איך פאַרגעס. כ׳האָב דיך שוין עטלעכע מאָל געוואָלט פרעגן וועגן יעטען...

**יאָלקע** : (גלײַכגילטיק) וועלכע יעטע מיינסטו?

**בערקע** : נו, די וועלכע זיצט לעבן דיר אין אַנאַטאָמיע צימער. אַזאַ יעטע, איז פאַראַן בלויז איינע, אויפן גאַנצן אוניווערסיטעט.

**יאָלקע** : (שמייכלט) אין וועלכן זין מיינסטו?

**בערקע** : דו ווייסט גאַנץ גוט... זי איז אַ בעסער מיידל...

**יאָלקע** : מיט וואָס?

**בערקע** : זי איז שיין, אינטעליגענט; שפּילט קלאַוויר און אַ צולייג רײַך. נאָך ווי רײַך!

**יאָלקע** : איך ווייס ווען דו מיינסט. זי געפעלט דיר?

**בערקע** : וויצלסט זיך... כ'האָב באַמערקט, אַז זי וואַרפט אַן אויג אויף דיר...

**יאָלקע** : (לײַכטע איראָניע) אַזוי גאָר?... גוט צו וויסן...

**בערקע** : מײַן מיידל גייט נישט אויפן אוניווערסיטעט. זי איז אויך אַ קראַסאַוויצע. איך בין אין איר שטאַרק פאַרליבט...

**יאָלקע** : וואָס טוט זי?

**בערקע** : זי לערנט זיך פאַר אַ קראַנקן - שוועסטער. זי איז נישט פון קײַן רײַכע היים, נאָר מיך אַרט עס נישט.

**יאָלקע** : איך מיין, אַז ס'וועט זײַן פונקט גוט. ווען דו וועסט ווערן אַ דאָקטער וועט זי דיר קענען צוהעלפן און איר וועט צוזאַמען אַרבעטן.

**בערקע** : (שטעלט זיך אויף און נעמט צוזאַמען זײַנע ביכער) אָט, פּלוידערן מיר. ס'וועלן נאָך אַ סך וואַסערן אָפּלויפן... מיר האָבן אַמאָל געוואוינט בשכינות מיט די שטיינס. יעטע איז אויך אַן איין און איינציק קינד. איר פאָטער איז אַ גרויסער פאַבריקאַנט.

**יאָלקע** : איך ווייס. אַ טעקסטיל-פאַבריקאַנט.

**בערקע** : שטיין רײַך!

**יאָלקע** : אַ גרויסע מעלה, נאָר נישט פאַר מיר... (וויל נישט מער רעדן. שטייט אויף, טוט אַ גלעט בערקען אויפן אַקסל. זיי גיבן זיך די הענט) נו, איז זעט מען זיך מאָרגן אין דער פרי!

**בערקע** : אַלזאָ, אַ גוטן, ביז מאָרגן!

**יאָלקע** : ״סערוווס״, בערקע! (ער מאַכט צו די טיר; גיסט אַרײַן וואַסער אין טשײַניק און צינדט אָן די ״פּרימוס״-מאַשינקע. ס׳דערהערן זיך שווערע טריט. דער פֿאָטער קומט אַרײַן אָרעם געקליידעט. אין האַנט, אָן אָפּגעריבענע טעקע. יאָלקע איז אָנגעשטרענגט)

**זרח** : גוטן-אָוונט. (שטעלט אַוועק די טעקע) בערקע מוז זײַן פֿון אַן אָנשטענדיקע היים. ער טראָגט דעם גוטן-אָוונט אַנטקעגן. וואָס איז מיט דײַן אויג? (ער וויל אַ קוק טאָן) נאָך אַלץ רויט?

**יאָלקע** : לאָז צו רו, טאַטע. ס׳איז גאָרנישט מיט גאָרנישט...

**זרח** : איך וויל אַ קוק טאָן...

**יאָלקע** : (דרייט אַוועק דעם קאָפּ) נישטאָ וואָס צו זען!

**זרח** : כ׳האָב גוטע נײַעס. כ׳וועל דיר מאָרגן מיטגעבן געלט צו באַצאָלן פֿאַרן צווייטן סעמעסטער...

**יאָלקע** : (שטעלט אַרויף אויפֿן טיש ברויט, ווײַסן קעז און גיסט אַרײַן צוויי טעפּלעך טיי) גוט. אַ דאַנק...

**זרח** : (הויבט אָן עסן און קוקט אויף יאָלקען וועלכער זיצט קעגן איבער) כ׳האָב געמיינט, אַז דו וועסט זײַן זייער צופֿרידן... דו ווילסט דאָך שטודירן? צו דעם האָבן מיר דאָך אַלע געשטרעבט, ס׳פּעציעל די מאַמע...

**יאָלקע** : רעד נישט אַזוי טאַטע, זיכער וויל איך שטודירן.

**זרח** : קענסט אָבער נישט אפּלייקענען, אַז דו ביסט די לעצטע טעלעכע טעג, נישט דער זעלבער. ביסט אומעטיק און פאַרטראַכט. דײַן טאַטנס מוח רוט נישט... אפשר ביסטו קראַנק?

**יאָלקע** : אָ טאַטע! איך בין נישט קראַנק, עס דאַכט זיך דיר...

**זרח** : זײַ וויסן מײַן זון, אַז כ׳בין טאַקע נישט קײַן גרויסער מומחה, נאָר אויף אַן אייגן קינד איז מען אַ מבין. איך בין דײַן טאַטע און מײַן הארץ בלוטיקט. איך וויל הערן פון דיר אַליין וואָס עס טוט זיך דאָ.

**יאָלקע** : פרעג מיר נישט צו פיל, טאַטע... איך קען נישט... אגב נישט אַלע פּראָבלעמען קענען געלייזט ווערן מיט רייד.

**זרח** : ווי אַזוי קען איך שווײַגן אין דער צײַט, ווען איך זע און איך ווייס, אַז מײַן קינד לײַדט... פאַרוואָס זאָגסטו גאָרנישט? דו ביסט געגנוג דערוואָקסן און דײַן טאַטע איז נישט קײַן גזלן... וואָס עס זאָל נאָר נישט האָבן געשען, וויל איך וויסן. איך קוק דיר אָן מיין איך, אַז ס׳איז עק וועלט...

**יאָלקע** : (אויפגערעגט) איך בעט דיר, צי מיך נישט פאַר דער צונג! קענסט במילא נישט העלפן... קיינער קען נישט.

**זרח** : אויב אַזוי, וועל איך דיר זאָגן! איך ווייס מײַן זון וואָס דיר טוט וויי... דײַן פּראָבלעם איז יעטע, דײַן פרײַנדינע... די שטײַנס טאָכטער... (הויבט דעם טאָן און קלאַפּט אין טיש) מײַן זון שטייט זיי נישט אָן, האַ? ס׳פּאַסט זיי נישט דער יחוס! פאַר דעם פּאַטש אין פּנים, וועלן זיי טײַער באַצאָלן!...

**יאָלקע** : (כאַפּט זיך פאַר די אויערן)ש, ש, ש... שרײַ נישט אַזוי, טאַטע; נעם זיך נישט צום האַרצן... מיר וועט קײַן שלעכטס נישט געשען; איך בין יונג און שטאַרק און חוץ דעם

בין איך צוגעוויינט צו לערנען. אַמוויכטיקסטן איז דאָס וואָס יעטע לערנט און דערצו נאָך, צוליב מיר. די עלטערן פֿאַניקן זי און סטראַשען, אַז אויב זי וועט זײַן נישט פֿאָלגן...

**זרח** : גאַנץ איינפֿאַך, אויב זי וועט אַרומגיין מיט דיר, וועלן זיי אויפֿהערן צו צאָלן... אויס אוניווערסיטעט... איין קלייניקייט!...

**יאָלקע** : און פֿון וואַנען ווייסטו עס אַלץ אַזוי גענוי?

**זרח** : (פֿויזע) יענע וואָך האָט ער מיר ווידער געשיקט רופֿן; ער האָט מיר אויף סײַנע פֿאַרגעלייגט אַרבעט. האָב איך זיך באַמיט צו פֿאַרגעסן די אַלטע עוולות און בין אַהינגעגאַנגען... סיהאָט מיר עפּעס גלײַך אויסגעזען פֿאַרדעכטיק...

**יאָלקע** : מיט וואָס למשל?

**זרח** : גאַנץ פּשוט. גוט איז ער געווען, נאָר צו אַ געשוויר צוצולייגן... לאַנגזאַם, האָט ער ביסלעכווײַז אָנגעהויבן צו...

**יאָלקע** : וואָס אַזוינס? וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

**זרח** : אָנגעהויבן האָט ער כּלומרשט, אַז זײַן טאָכטער איז אָפּגעשוואַכט; אַז אַנשטאָט בליען וועלקט זי און אַז... אַז סיהאָט עפּעס צו טאָן מיט דיר...

**יאָלקע** : גענוג, טאַטע! איך וויל עס מער נישט הערן... איך ווייס שוין אַלץ. נישט נייטיק איבערצוחזרן.

**זרח** : (קען זיך נישט צוימען) ער האָט גערעדט פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער! רודערן מײַן געוויסן האָט ער געוואָלט! אויב עפּעס שלעכטס וועט געשען מיט זײַן טאָכטער, האָט ער געזאָגט,

וועט עס זײַן אויף מײַן געוויסן... ווי געמיין ווי
נידערטרעכטיק... איך וועל דעם אכזר אָנלערנען...

**יאָלקע** : ש, כ׳בעט דיר, טאַטע! מיר ווייסן דאָך, אַז ס׳איז
נישט דײַן שולד; נישט אונדזער שולד. נעם זיך צוזאַמען...
קענסט דאָך קראַנק ווערן... טו מיר צוליב און באַרויק זיך.

**זרח** : (שרײַט) צו אַ דין תּורה, וועל איך אים רופן! זאָלן
מענטשן וויסן... קעגן מיר דעם אָרעמאַן, איז ער אַ ריז. דאָס
מאָל, וועט עס אים גלאַטיק נישט אַדורכגיין... אָ, ניין...

**יאָלקע** : הער אויף צו שרײַען, טאַטע! זעץ זיך אַוועק און הער
מיך אויס. (זרח זעצט זיך. דעם קאָפּ האַלט ער אין די הענט)
אַלץ איינס וועל איך זיך מיט יעטען מער נישט טרעפן... ווּעסט
זען ס׳וועט נאָך גוט זײַן. איין זאַך וואָלט איך וועלן, דו זאָלסט
מיר צו ליב טאָן... טאַטע, באַמי זיך צו געפינען אַרבעט ערגעץ
אַנדערש. די שטיינס זײַנען שטאַרקער פאַר אונדז... מיר מוזן
אָפּטרעטן. נעם אין אַכט ווי יעטע לײַדט... זי איז דאָך זייער
קינד... אפשר וועלן זיי זיך פאָרט פאַרטראַכטן.

**זרח** : (שטעלט זיך אויף און זעצט זיך צוריק) הער, מײַן זון.
פון זינט דו ביסט אַ קליין קינד געווען ביז הײַנט צו טאָג, האָב
איך געפּרוּווט מיט אַלע מיטלען דיר געבן צו פאַרשטיין, אַז
אַרבעט איז נישט קיין שאַנדע. די לידער, וואָס די מאַמע פלעגט
פאַר דיר אויסזינגען, זײַנען פול געווען מיט ליבשאַפט צו
אַרבעט. איך בין צופרידן, אַז דו פאַרשטייסט די לאַגע. זײַ
זיכער יאָלקע, איך וועל קריגן אַרבעט און דו וועסט קענען
שטודירן! די שטיינס זאָלן מיר אפילו באַגילדן, וועל איך צו זיי
מער נישט פאַרשמעקן; זייער שוועל נישט איבערטרעטן!
איך וועל בעסער גיין, קלאַזעטן ראַמען!...

**יאָלקע** : גוט, טאַטע, איז גוט. מ׳וועט זען, אפשר מיט דער

צײַט, װעל איך אויך קענען עפּעס צופּאַרדינען... נאָר איצט
װעגן דעם געגוג...

**זרח** : װעסט דערמאָנען מײַנע רייד, אַז הערצקע שטיין װעט
נאָך אַהערקומען צוקריכן אויף אַלע פיר און צו די פיס װעט
ער מיר פאַלן... װעסט זען...

**יאָלקע** : זײַ נישט אַזוי פאַרביטערט, טאַטע. מענטשן מאַכן
פעלערן...

**זרח** : (קלאַפּט אין טיש) פעלערן רופסטו עס? ער האָט אונדז
דערנידעריקט; סיפּנים אונדז פאַרשװאַרצט... פאַרװאָס און פאַר
װען? (ברעכט זיך אײַן) איך װינטש אים נישט קײַן קראַנקהײַטן,
נאָר ער װאָלט געמעגט פאַרזוכן, בלויז דעם טעם פון אונדזער
ביטערן טראָפּן...

**יאָלקע** : (גלעט דעם פאָטער) אויב דו װעסט זיך אַזוי
אויפרעקן, װעט אונדז נאָך ערגער זײַן... (זיי בלײַבן אַ װײַלע
זיצן שטיל) איך פאַרשטיי דײַן װייטיק, טאַטע, נאָר הער מיך
אויס װעגן אַ דערפאַרונג, װעלכע כ'האָב אָפּט דורכגעלעבט אין
פאַרלויף פון די לעצטע װאַקאַציעס... נאָך דער מאַמעס טויט,
פאַרשטייט זיך. בין שוין דאַן געװען אַ דערװאַקסענער מענטש.
אין אַ קריגערײַ, װען איך בין שטאַרק בייז געװאָרן, בין איך
גרייט געװען אָפּצוטאָן ס'ערגסטע...

**זרח** : און מיר הייסטו שװײַגן...

**יאָלקע** : לאָז מיך ענדיקן. האָט זיך מיר דער מאַמעס געזיכט
געשטעלט פאַר די אויגן... פּונקט װי לעבעדיק... דער בליק
אירער האָט מיך אַרומגענומען; איך האָב זיך תּיכּף באַרויקט –
דו קוקסט מיר אָן, װײַל ס'איז שװער צו באַנעמען. גלויב מיר
טאַטע, אַז אַזוי איז עס װירקלעך געשען... די מאַמע װאָלט

זייער געליטן ווען זי זאָל וויסן, אַז מיר זײַנען פּעיק אָפּצוטאָן עפּעס שלעכטס... פֿאַרשטייסט וואָס איך מיין, טאַטע?

**זרח** : יאָ מײַן זון, איך פֿאַרשטיי... עס איז נישט לײַכט אַראָפּצושלינגען. אפילו די מאַמע וואָלט שרעקלעך געליטן פֿון אַזאַ באַליידיקונג, אָבער זי וואָלט אַנדערש רעאַגירט.

**יאָלקע** : זיכער. אָן שום ספק. (פּויזע) איך קען עס נישט פֿאַרגעסן, ווי האַרט פֿאַרן טויט, האָט זי מיט די לעצטע כּוחות געשעפּטשעט: "געדענק מײַן קינד, אַז יעדער מענטש דאַרף זיך באַמיען, צו פֿאַרשטיין דעם צווייטן"...

**זרח** : (זיפֿצט) יאָ, יאָ. אַזוי האָט דיך טאַקע די מאַמע געלערנט. דאָס איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך. איך געדענק גוט אירע טרוימען און אירע דערוואַרטונגען. זי איז געווען צו איידל; צו שוואַך, פֿאַר דער היינטיקער וועלט...

**יאָלקע** : וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן? האָט עס געבראַכט שאָדן, אָדער פֿאַרקערט.

**זרח** : אין אַלגעמיין. זי האָט מיר זייער אָפֿט צוריקגעהאַלטן... אַזוי ווי דיר... צײַטנווײַז איז עס אַרויסגעקומען צום גוטן, אָבער גענוג מאָל האָט מיך פֿאַרדראָסן, וואָס איך האָב איר געפֿאָלגט... טראָץ אַלעמען, האָב איך איר זייער געשעצט. עס איז געווען ווען...

**יאָלקע** : דערצייל, טאַטע. איך וויל וויסן מער איינצלהײַטן וועגן אַלץ וואָס בײַ אונדז איז פֿאָרגעקומען...

**זרח** : וואָס איז שוין איצט וויכטיק...

**יאָלקע** : פֿאַרוואָס נישט? איך טראַכט, אַז אויב איך וועל

אַמאָל האָבן קינדער, וועל איך מיט זיי אַ סך שמועסן; וועגן אַלץ און אַלעמען.

**זרח** : איך בין געווען מער ווי זיכער, אַז דו האָסט אַלץ געזען און געהערט.

**יאָלקע** : ריכטיק. איך האָב זיך צוגעקוקט און צוגעהערט, אָבער ס׳איז נישט דאָס זעלבע... נו, גוט. וואָס געווען איז געווען. איך מיין אַז פון הײַנט אויף ווײַטער, דאַרפן מיר זיך וועגן אַלץ דורכשמועסן. וואָס זאָגסטו טאַטע?

**זרח** : אַ פיינער געדאַנק.

**יאָלקע** : די הויפּטזאַך איז, אַז דעם אמת ווייס איך יאָ. און דאָס איז וויכטיק.

**זרח** : וואָס מיינסטו דערמיט?

**יאָלקע** : איינפאַך. איך מיין אַז איר האָט אַ סך געטאָן פאַר מיר. איך שאַץ עס אָפּ און וועל פאַר קײַן פאַל נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל דיר דערנידעריקן. איך שעם זיך נישט מיט אונדזער אָרעמקייט!

**זרח** : (פּויזע) איידער מיר האָבן חתונה געהאַט, האָב איך מיט דער מאַמען, עטלעכע יאָר געפירט אַ ליבע... נאָך דער חתונה, זײַנען מיר ביידע געווען גרייט צו אַרבעטן שווער; אָפּצושפּאָרן כּדי צו לעבן באַקוועם. נו, איז געקומען אַן אָנשיקעניש; אַ וויסטע קראַנקייט. קעגן דעם קען זיך קיינער נישט באַוואָרענען. אַ גורל זאַך... איך האָף, אַז דו, (קלאַפּ אין טיר)

**יאָלקע** : אַרײַן! די טיר איז אָפן...

**יעטע** : (פײן געקלײדעט. שעמעוודיק.) גוטן-אָוונט.

**זרח** : (זרח און יאָלקע, שטעלן זיך בײדע אויף) גוטן-אָוונט, גוט יאָר... קום װײַטער... (גאַסט פרײַנדלעך) זעץ זיך... אפשר אַ גלאָז טײ?... עפּעס צובײַסעכטס?

**יעטע** : איך האָב געגעסן בײַ אַ פרײַנד... אַ שײנעם דאַנק...

**יאָלקע** : זעץ זיך, ביטע. איך װעל באַלד זײַן פרײַ. ס'וועט לאַנג נישט דויערן, וועלן מיר קענען שמועסן, אָדער גײן שפּאַצירן...

**יעטע** : איך קען לאַנג נישט בלײַבן...

**זרח** : פאַרשטענדלעך, די עלטערן קענען איבערקלערן, זיך באַומרויקן.(צו יאָלקען) איך האָב דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז איך דאַרף הײַנט גײן אין פאַראײן.

**יאָלקע** : (יעטע זעצט זיך) וואָס קומט דאָרט הײַנט פאָר?

**זרח** : אַ צוזאַמענטרעף פון די וועבערס, װעגן פאַרשײדענע פראַגעס; ווי אויך אַ געלעגנהײט צו טרעפן מײַנע פרײַנד.

**יעטע** : איך פיל, אַז כ'האָב אײַך געשטערט... איך אַנטשולדיק זיך.

**זרח** : וואָס פאַלט דיר אײַן, חלילה. איך וויל דווקא גײן אַ ביסל פריער, אַרײַנצוכאַפּן עטוואָס פרישע לופט... (ער טוט אָן אַ לײַכטן מאַנטל און נעמט אַן אַלטן שירעם) ס'איז דאָך עפּעס פרילינג... קלער נישט איבער יאָלקע. איך וועל זײַן צוריק, אַרום צען. (גיט יעטען די האַנט) זײַ געזונט.

**יעטע** : ״דאָ זאָבאַטשעניאַ״...

**יאָלקע** : (זיי בלײַבן ביידע אַליין... ער רירט אָן מיט זײַנע ליפּן אירע האָר) גוט וואָס דו ביסט געקומען... קענסט זיך נישט פאָרשטעלן, ווי מײַן האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן ווען כ׳האָב דיך דערזען... זיך קוים געקענט באַהערשן...

**יעטע** : (לייגט אַרויף אירע צוויי פינגער אויף זײַנע ליפּן) האָסט געמיינט, אַז ס׳איז שוין צווישן אונדז אַלץ געענדיקט?... אַזוי לײַכט קענסטו באַשטיין דערויף?...

**יאָלקע** : דו ווייסט, אַז עס ווענדט זיך נישט אין מיר... וואָס זאָל איך טאָן?... איך לײַד גענוג, גלויב מיר...

**יעטע** : איך בעט דיך יאָליוש, פאַרליר נישט די האָפענונג... אויב דו וועסט מיר מער נישט זען אויף די לעקציעס, זאָלסטו וויסן אַז איך בענק; אַז מײַן האַרץ וויינט אין מיר. איך וועל עס מײַנע עלטערן קיין מאָל נישט פאַרגעבן...

**יאָלקע** : רעד נישט אַזוי, טײַערע. מיר מוזן פּרובירן פאַרשטיין... אפשר מיט גוטן וועסטו שנעלער דערגרײַכן; בעסער אויספירן... (ער נעמט זי אַרום, קושט איר אין קאָפּ און די הענט. עס דערהערן זיך טריט. זיי דערוואַכערן זיך שנעל און זעצן זיך בײַם טיש. עס קומט אַרײַן אַ באַקאַנטע פון די נאָוויטשעס)

**שרה** : (איינפאַך געקליידעט. פאַרוואונדערט) גוטן־אָוונט. געמיינט, אַז כ׳וועל טרעפן דעם פאָטער... געוויינלעך איז ער אַרום דער צײַט אין דער היים... (זעצט זיך אַליין אַוועק)

**יאָלקע** : איך ווייס נישט גענוי וואו ער איז געגאַנגען... אַ, יאָ, איך מיין אין פאַראיין; אין טעקסטיל־פאַראיין, דאָרט...

**שרה**: ס׳שאַדט נישט. כ׳האָב זיך בלויז געוואָלט מיט אים וועגן עפּעס וואָס באַראַטן. דײַן טאַטע יאָלקע, איז זייער אַ זאַכלעכער מענטש. קײַן מזל האָט ער טאַקע נישט געהאַט, אָבער ס׳איז דאָ מיט וועמען צו רעדן. ער איז שטענדיק גרייט אויסצוהערן און אויב מעגלעך העלפן.

**יאָלקע**: (שטייט אויף און רעדט שנעל, ווערלנדיק זי זאָל גיין) פֿײַן, פֿײַן. איך וועל איבערגעבן, אַז שרה...

**שרה**: שרה וואַלדמאַן. פֿון וואַנען זאָלסטו וויסן מײַן פֿאַמיליע-נאָמען. נישט פֿאַר קיינעם געדאַכט איז שוין בײַ מיר דער דריטער מאַן, אַז געזונט זאָל ער מיר זײַן.

**יאָלקע**: (זעט אויס אַז זי באַזעצט זיך.) דאָס איז מײַן פֿרײַנדין, יעטע.

**שרה**: (שטרעקט אויס די האַנט צו יעטען) ס׳פֿריידט מיר זייער. איך בין צופֿרידן צו זען, אַז דו ביסט נישט איינזאַם... (צו יעטען) איך ווייס נישט ווער איר זענט, נאָר כ׳וויל אײַך בלויז זאָגן, סאַראַ גאָלדענעם בחור איר קריגט... איר וועט קײַן חרטה נישט האָבן. אַזוי ווי איר זעט גיסט זיך דאָ נישט איבער, דערפֿאַר הערצער האָבן די נאָוויטשעס פֿון גאָלד. איר מעגט מיר גלויבן. איך זאָל אַזוי נחת האָבן פֿון מײַנע צוויי קינדער, ווי גוט יאָלקע איז...

**יאָלקע**: כ׳האָב נישט געוואוסט, אַז איר האָט צוויי קינדער, כ׳האָב געמיינט בלויז איינס... דער טאַטע וועט מיר שוין מער דערציילן...

**שרה**: ס׳איז אַ פֿאַרפּלאָנטערטע געשיכטע... (זעצט זיך באַקוועמער אויפֿן בענקל, אויך יאָלקע זעצט זיך נישט גערן צוריק) נישט צו דערציילן אויף איין פֿוס. מײַן זאַוועלע איז פֿון

ערשטן מאַן. געהאַט מיט אים אַ פינצטער לעבן... בין איך אים פטור געוואָרן.

**יעטע** : און וואָס איז געשען מיט אײַער ייִנגעלע?

**שרה** : ווען זאַוועלע איז אַלט געווען צען יאָר, האָט זיך זײַן טאַטע אָפּגערופן, צום ערשטן מאָל.

**יאַלקע** : קען איין מאָל נישט געקומען זען זײַן קינד?

**שרה** : יאָ אַזוי ווי דו הערסט. פּלוצלינג אין איין שיינעם טאָג, האָט ער אונדז געלאָזט וויסן, אַז ער וואוינט אין אַמעריקע, אַז ער וויל אַריבערנעמען זאַוועלען און לאָזן אים שטודירן ביז וואַנען, ער וועט ווערן אַ דאָקטער. נו, שטעלט אײַך פאָר מײַן געמיט! אַ קלייניקײַט!...

**יאַלקע** : איז וואָס איז געווען דער סוף?

**שרה** : (די צוויי קוקן זיך איבער) מיר האַלטן ערשט קוים בײַם אָנהויב. איך האָב זיך געוואַקלט און געישובט. פאַרשטענדלעך, אַז אַמעריקע איז געווען שטאַרקער פאַר אַלץ. איר זענט נאָך צו יונג צו פאַרשטיין וואָס עס מיינט, אַז שרה וואַלדמאַן זאָל האָבן אַ זון אַ דאָקטער... יאָ, איז וואו האַלט איך...

**יאַלקע** : וועגן אַמעריקע. (קוקט זיך איבער מיט יעטען)

**שרה** : ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, האָט ער געשיקט פּאַפּירן; אַ שליח מיט געלט, פאַרן קינד אַהינצונעמען.

**יעטע** : איך שטעל זיך פאָר, אַז ס'האָט אײַך געמוזט זײַן שרעקלעך שווער...

**שרה** : נאָך ווי מײַן קינד. כ׳האָב געגוג געקלאָגט און געוויינט אין קישן...

**יעטע** : וואָס איז ווײַטער געשען?

**שרה** : סוף כּל סוף האָב איך אים אויסגעפּראַוועט און אַוועקגעשיקט. ס׳איז מיר געווען זייער ביטער... איך האָב זיך אַליין געטרייסט, אַז אַ טאַטע, איז דאָך אַ טאַטע...

**יאַלקע** : ווי לאַנג איז שוין אײַער זון אין אַמעריקע?

**שרה** : שוין קנאַפּע עלעף יאָר, געזונט זאָל ער מיר זײַן. ער איז אַ גוט קינד; ער האָט כּסדר געשריבן, טאַקע נישט צו אָפט, אָבער איך האָב אַלץ גענומען פאַר ליב. כ׳האָב געוואוסט, אַז ער לערנט זיך און ער וועט אויסוואַקסן אַ לײַט.

**יעטע** : דאַרפט איר זיך שעצן גליקלעך...

**שרה** : איר זענט גערעכט, אָבער דער גורל... אָ, צו שווער פאַר אײַך צו באַגרײַפן... אָט טאַקע וועגן דעם, בין איך געקומען צו דײַן טאַטן זיך אָן עצה האַלטן...

**יאַלקע** : וואָס איז געשען? איז עס וועגן זאַוועלען?

**שרה** : (זי זוכט אין שטרויענעם קאָשיק און נעמט אַרויס אַ בריוו.) נעכטן האָב איך געקריגן אַ בריוו פון מײַן זאַוועלען. אַדרבא, הערט, אפשר וועט איר עטוואָס פאַרשטיין וואָס אַ מאַמע לעבט איבער...

**יעטע** : איך פאַרזענלעך, וועל אײַך זײַן זייער דאַנקבאַר... לייענט ביטע, פאַר אונדז, מיר זײַנען טאַקע יונג, אָבער פּראָבלעמען פון דעם מין זײַנען זייער אינטערעסאַנט און

**שרה** : איך בין גליקלעך, אַז איר ווילט מיך אויסהערן... (זי עפנט לאַנגזאַם דעם בריוו און זי לייענט) ער שרײַבט: ״טייערע מאַמע! ווי כ׳האָב דיר שוין פריער געשריבן בין איך צופרידן, ווײַל דאָס שטודירן קומט מיר נישט אָן שווער. דאָס מיידל וועלכער, כ׳האָב דיר אָנומולט געשילדערט, איז זייער גוט צו מיר. אַוודאי קענסטו איר רופן חנה. אַזוי איז איר יידישער נאָמען. די הויפּט-זאַך איז, אַז מיר האָבן זיך זייער ליב... טאַקע דערפאַר בין איך דיר געצוואונגען צו שרײַבן וועגן אַ פּראָבלעם, וואָס דער טאַטע האָט באַשאַפן. איך בין שרעקלעך בייז, ווען איך טראַכט וועגן די סיבות... ענאַ איז פון אַן אָרעמע היים. ס׳איזאַ גרויסע עוולה פון טאַטנס זײַט. איך דערקלער אים, אַז ווען מיר וועלן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט, וועלן מיר קענען צוזאַמען אַרבעטן און פאַרדינען... דער טאַטע איז שרעקלעך אײַנגעשפּאַרט, אָבער די שטיף-מוטער מיט אירע דרײַ קינדער זײַנען אויף מײַן זײַט. איך האָב אים נעכטן געוואָרנט, אַז אויב ער וועט אונדז שטערן וועלן מיר פאָרן צו דיר. איך ווייס אַז ס׳איז נישט פּראַקטיש; איך קען אָבער אָן ענאַן נישט לעבן... איך בין זייער באַזאָרגט, אָבער מיר האָפן. אפשר וועט אונדז געלינגען צו געבן לעקציעס; איך זאָל קענען פאַרדינען, כאָטש אויף דירה-געלט און זיך אַרויסציען אין אַ קליינעם צימער. ענאַ האַלט, אַז איך זאָל דערציילן דעם פּראָפעסאָר; דעם סאַמע העכסטן פון אוניווערסיטעט, דעם גאַנצן אמת. זי מיינט אַז ער וועט האָבן מעגלעכקײַטן צו העלפן. ער רופט מיר זײַן רעכטע האַנט... אפשר? איך האָף, אַז אין צווייטן בריוו וועל איך האָבן פרייליכערע נייעס. אַ שיינעם דאַנק דיר מאַמע, פאַר די צען זלאָטעס. אַ גרוס דײַן מאַן און רייזעלען. דײַן זאַוול (זי וויינט און ווישט די אויגן. יאָלקע און יעטע זײַנען צערודערט)

**יאָלקע** : איך גלויב... עס איז מעגלעך, אַז מײַן טאַטע וועט

איך קענען געבן אַן עצה.

**יעטע** : (שטייט אויף און גייט צו צו שרהן) באַרויִקט אײַך. עס וועט זײַן גוט, אַזוי זאָגט מיר ס'האַרץ... אפשר ווילט איר, דערווײַל אים שיקן עטלעכע זלאָטעס, קען איך אײַך באָרגן.

**שרה** : אַ דאַנק. כ'וועל זען. שוין נישט צום ערשטן מאָל ווי דער גורל שפּילט מיך צו און איך דערפיל זיך אומבאַהאָלפן, ווי אַ נײַ געבאָרן קינד...

**יעטע** : דער גורל, יאָ איך גלויב אַזוי... נאָר ס'קען זיך ענדערן...

**יאָלקע** : מען דאַרף האָפן, מען מוז האָפן...

**שרה** : (שטייט אויף; גלעטט אויס די האָר און ווישט אָפּ מיט אַ טיכל ס'פּנים) איר מוזט מיר מוחל זײַן... מײַן שכל איז אַ קריכער. איך האָב אײַך נישט באַדאַרפט צונעמען, אײַער פרײַע צײַט. איך האָב אײַך באמת... מײַן מאַן וואָלט געזאָגט, אַז אַ ײדענע, בלײַבט אַ ײדענע... כ'בעט אײַך איבער...

**יעטע** : ס'מאַכט נישט אויס. פּאַרקערט...

**שרה** : אַ גוטע נאַכט און דאָס מזל זאָל פּאַר אײַך שײַנען...

**ביידע** : אַ דאַנק! אַ גוטע נאַכט...

**שרה** : גריס דעם טאַטן.

**יאָלקע** : אַ דאַנק, אַ שיינעם דאַנק!

**יעטע** : (זיי בלײַבן ביידע שטיין צעטומל) לאָמיר אַרויסגיין

שפּאַצירן. די פרישע לופט וועט אונדז צוניץ קומען...

**יאַלקע :** שווער, זייער שווער צו באַגרײַפן דעם גורלס שפּיל. (נעמט אַרויס אַ שליסל צו דער טיר) לאָמיר גיין...

**יעטע :** לעש אויס דעם לאָמפּ.

**יאַלקע :** (נעמט איר אַרום און קושט איר) חוץ אַלע דײַנע שיינע, גוטע מעלות, וועסטו נאָך זײַן אַ גוטע באַלעבאָסטע אַ צולייג. (זיי גייען אַרויס און שליסן צו די טיר. באַלד דערהערן זיך פון הינטער דער טיר, טריט און אָפּגעריסענע זאַצן.)

**שטימען :** (1) אָפּגערעדט... (2) שווער צו זאָגן...

**זרח :** (שליסט אויף די טיר. ער קומט אַרײַן מיט צוויי מענער. זעען אויס ייִנגער פאַר זרחן; פריש אָנגעטאָן.) זעצט אײַך.

**שלום :** כ'וועל לאַנג נישט זיצן. כ'פיל זיך הײַנט עפּעס נישט מיט אַלעמען...

**פײַוול :** נישט קײַן וואונדער. איך אָבסערוויר דיר בײַ דער אַרבעט; ביסט באמת אַ גוואַלדיקער איינרײַסער. אַ סך מאָל האָב איך דעם אײַנדרוק, אַז ווען דו שעמסט זיך נישט, וואָלסטו געניצט אַ בײַטש צום וועבשטול. (זיי לאַכן לײַכט. זרח פּאָרעט זיך בײַם מאַכן טיי און נעמט אָנטייל אין שמועס.)

**זרח :** נישט קײַן בייז, נישט קײַן בייז... פון שווערע אַרבעט שטאַרבט מען נישט.

**שלום :** גערעכט, זרח. בפרט, אַז איך האָב עס ליב. דו וועבסט; דו שאַפסט מיט דער הילף פון דער מאַשין, און דו האָסט אפילו אַ מעגלעכקײַט, אַרײַנצוכאַפּן אַ וויכּוחל מיט זיך

אליין... נישטאָ עפּעס בעסערס.

**זרח** : איך מיין, אַז דײַן איבערגעטריבענער גריבלען זיך; די טראַכטעניש און ספקות, קענען דווקא יאָ גורם זײַן דײַן שוואַכן געזונט-צושטאַנד.

**שלום** : דאָס טראַכטן שאַדט מיר נישט. נאָך וואָס איך בין באמת שטאַרק אויסגעהונגערט, איז פרישע לופט. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך מײַן גאַנץ לעבן, ממש פאַרליבט אין דעם דרויסן; אין דער שיינער נאַטור... אַן אמתער פּאַראַדאָקס...

**זרח** : אָ, מיינסט צו זאָגן, אַז דו האָסט דערפון קיינמאָל נישט געגאָסן...

**שלום** : קלאָר ווי דער טאָג. ווען אַנדערע קינדער האָבן זיך געשפּילט, בין איך געזעסן פאַרשפּאַרט אין חדר און דורך אַ שמאָל, פאַרשטויבטער שײַבל, געכאַפּט אַ בליק אין הויף אַרויס...

**פּײַוול** : וועגן דעם רעדט מען דאָך.דײַנע יונגע יאָרן האָסטו געקוועטשט די באַנק. ווי דו אַליין פלעגסט שטענדיק דערציילן, האָסטו געוואָלט אײַנשלינגען אַלע סידורים מיט דער גאַנצער חכמה, פאַר איין מאָל.

**זרח** : פון לערנען, האַלט איך דווקא יאָ. וואָס מיזאָל נאָר נישט לערנען, קומט עס וואו נישט איז צוניץ. איך האָב לײַדער נישט געהאַט קײַן מעגלעכקײַטן.

**שלום** : אין די ישיבה-יאָרן, האָב איך געלערנט מיט גרויס התמדה. דער ווילן צו קענען, איז בײַ מיר געווען אומגעהײַער. אַ מאָדנע זאַך: וואָס מער איך האָב געלערנט; געזוכט און גענישטערט, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער סאַמע עיקר,

בלײַבט אַ סוד...

**זרח**: צי מײנסטו שלום, אַז שוין דעמאָלט האָט זיך דײַן געזונט אָנגעהויבן צו קרישלען?

**שלום**: װער װײסט. עס איז שטענדיק געװען אַ דוחק אין פרישע לופט – דורכצוליפטערן די לונגען. נאָר נישקשה, זאָרגט נישט, דער טײַװל װעט מיך נישט נעמען. נאָך נישט אַזוי שנעל...

**פײַװל**: הער זרח, װי דו קוקסט אים אָן דעם חבר מײַנעם, האַלט ער אין איין מישן זײַן אײגענעם געװיסן און מאַכט זיך פאַר אַ גיבור!

**שלום**: הערט מען דאָך עפּעס דיבורים. ביסט געװאָרן אַ גאַנצער זנאַכער, פײַװל. כ׳מײן עס ערנסט; דו לײענסט מײַנע געדאַנקען...

**פײַװל**: איך קען שוין דײַן לעבנס געשיכטע אויף אויסנווייניק. נאָך אַלעמען בין איך דיר חושד, אַז דו ביסט פאַרבליבן אַ ישיבה בחור.

**שלום**: (פויזע) אַזוי װי נעכטן װאָלט עס געװען... שוין קאַרגע נײַנצן יאָר זײַנען פאַרשװאונדן, זינט איך האָב איבערגעקערט די קאַפּאָטע; נישט סתּם איבערגעקערט, נאָר אַראָפּגעװאָרפן מיט אַ טראַסק...

**זרח**: אפשר באַדויערסטו װען דו קוקסט צוריק?... דאָס װירקט שלעכט אויף דײַן געזונט...

**פײַװל**: (נעמט אַרויס פון קעשענע קאָרטן, צו לײגן אַ״פּאַסיאַנס״) אפשר, טאַקע?

**שלום:** עס האַנדלט זיך נישט וועגן באַדויערן. ווען איך בין אַליין מיט מײַנע מחשבות, קום איך אָפּט צום אויספּיר, אַז אַראָפּוואַרפן די קאַפּאָטע, איז איין זאַך און ס׳גענמיט אַ צווייטע... כ׳מיין, דאָס וועלן געפינען...

**זרח:** אין פּשוטע ווערטער מיינט עס, אַז די קאַפּאָטע האָט מיט זיך גאָרנישט מיטגענומען; ס׳הייסט, אַז דו לעבסט ווײַטער מיט די זעלבע ראַנגלענישן...

**פּײַוול:** דאָס איז דײַן כאַראַקטער, שלום. אגב, האָסטו עס ליב. די איינפּאַכסטע זאַך צעלייגסטו אויף פּיץ פּיצלעך. וואָלסט אַלץ געוואָלט דערגרונטעוועטן... איז עס דען מעגלעך? דער שטאַרקסטער קאָפּ קען צעפּלאַצט ווערן פון אַזוי פיל טראַכטן.

**שלום:** הער זיך צו פּײַוול. דו קענסט מיך טאַקע אויסגעבונדן, ווי מײַנע צען פינגער. דו – ביסט פּראַקטיש; דו – פליסט נישט אין די הימלען; דו שטייסט מיט ביידע פיס אויף דער ערד. אפשר קענסטו מיר זאָגן, וואָס דו האָסט אַרויסגעדרונגען פון די דרשות, הײַנט אויף דער נאַכט? אַדרבא, לאָמיר הערן.

**זרח:** אַנטשולדיקט. איך בין אַ שיין ביסל עלטער פון אײַך און געהער שוין צום טעקסקיל-פּאַראַיין, אַרום פינף און צוואַנציק יאָר. לויט מיר, האָט קיינער קיינעם נישט פאַרפירט...

**פּײַוול:** דווקא הײַנט, האָבן די רעדנער נישט צו פיל געפּריידיקט.

**זרח:** ריכטיק באַמערקט. הײַנט איז ספּעציעל געקומען צום אויסדרוק, אַז ס׳געשעען נישט קײַן ניסים; אַז מיר מוזן זיך האַלטן צוזאַמען און פאַרלאַנגען בעסערע אַרבעטס באַדינגונגען; מיר מוזן עס פאָדערן!

**פּמוול** : מיר וואַרטן שוין לאַנג נישט אויף משיחן. מיר ווייסן, אַז מיקען די וועלט נישט ענדערן אָבער שטרעבן אויסצובעסערן, איז אַ רעאַלע, שיינע אידעע.

**זרח** : זאָג דײַנע אויספירן שלום.

**פּמוול** : ס׳ווילט זיך וויסן דײַן מיינונג, חבר שלום.

**שלום** : צום איצטיקן מאָמענט, אינטערעסירן מיר בלויז זאַכן...

**זרח** : וואָס למשל? מיר זײַנען דאָך דײַנע פרײַנד... רעד אָפן...

**שלום** : נו, וועגן דעם וואָס דער לעצטער רעדנער האָט באַרירט; ווי אַזוי ער זעט פאָרויס די נאָענטסטע צוקונפט.

**זרח** : איך האָב נישט אַלץ אויפגעכאַפּט.

**פּמוול** : לויט מיר, האָט ער זיך צו פיל געלערנט טרעפן.

**שלום** : ער האָט דווקא געוואוסט וואָס ער רעדט. די צוקונפט פון די דרײַסיקער יאָרן זע איך אויך שוואַרץ... די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע, איז שרעקלעך אָנגעשטרענגט; עס איז נישט גוט; ס׳איז פאַר אַ שטורעם...

**זרח** : וואו אַהין שלום, פּירט דײַן פּעסעמיזם?

**שלום** : דײַן פראַגע איז זייער אויף אַן אָרט, זרח. כ׳האָב זיך שוין לאַנג געקליבן אײַך צו זאָגן... כ׳האָב געוואַרט אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט.

**פּמוול** : נישט געגלויבט, אַז דו ביסט פעיק צו האַלטן פאַר

אונדז אַ סוד. גיב לשון.

**שלום** : (פויזע) איך טראַכט, וועגן פאָרן קײַן אַמעריקע...

**זרח** : פלוצטהאַלבן? אַזוי צווישן אַ "יע" מיט אַ ניין... עס שטימט דאָ עפּעס נישט...

**פּמוּול** : און די משפּחה? וואָס זאָגט דײַן רחל און אירע עלטערן? און אפשר, מאַכסטו זיך סתּם אַ וויץ...

**שלום** : איך מײַן עס ערנסט; נאָך ווי ערנסט. פאַר מײַן רחטשען איז עס נישט קײַן נײַעס. זי האָט געוואוסט, אַז איך טראָג זיך שוין אַרום מיט דעם געדאַנק, אַ לענגערע צײַט. איך האָב דאָס געפיל, אַז הײַנט וועט מײַן פּלאַן באַקומען אַ תּיקון...

**פּמוּול** : כ׳בין ממש אויסער זיך – ס׳לייגט זיך מיר נישט אויפן שכל...

**זרח** : זייער שווער צו באַגרײַפן. אַ מאָדנע דעציזיע און דערצו אַזוי פּלוצלינג... דײַן משפּחה איז געזונט; די קינדער לערנען זיך גוט...

**שלום** : כ׳האָב גענוג געטראַכט דערוועגן. אַגב, פאָרן מיר נאָך נישט מאָרגן. מ׳וועט נאָך שמועסן.

**פּמוּול** : נאָך אַלעמען, פאַרשטיי איך נישט די חכמה. אויב שוין יאָ עמיגרירן; זיך צעברעכן, איז פאַרוואָס נישט קײַן מזרח? אַ סך בעסערע אויסזיכטן פאַר אַן אַרבעטער. אויב איך האָב נישט קײַן טעות, האָסטו דאָרט אַ ברודער...

**שלום** : ס׳איז נישט אַזוי איינפאַך ווי מע מיינט. מײַן ברודערס בריוו, זײַנען שוין זינט יאָרן געשריבן מיט אַזאַ נוסח, אַז ס׳איז

אוממעגלעך צו פֿאַרשטיין וואָס דאָרט גייט אָן.

**זרח** : איך פֿאַרשטיי; איך שטייס זיך אָן וואָס דו מיינסט.

**פֿײַוול** : איך אויך. אָבער אַמעריקע! עפּעס שטימט דאָ נישט.

**שלום** : פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס נישט? איך וויל זײַן ווײַט פֿון פּוילן און ליטע איך וויל פֿאָרן אַהין, וואו מ'וועט נישט טײַטלען מיט די פֿינגער, ווער ווען און וויפֿל מאָל מע דרייט איבער די קאַפּאָטע... ס'איז נישט נאָר דאָס... ווי עס זאָל נישט זײַן – פּריש, אַלץ פּריש... (ער שפּאַרט אָן די עלנבויגנס אויפֿן טיש און מיט די שפּיץ פֿינגער, רײַבט ער די שלייפֿן פֿון שטערן.)

**פֿײַוול** : מיר וואָלט אַזאַ געדאַנק, בשום אופֿן נישט אײַנגעפֿאַלן. די שטאָט איז מיר אייגן. ווײַזט אויס, צוגעבונדן פֿון דור דורות. פֿאַרגעסט נישט, אַז איך געהער שוין צו דער דריטער גענעראַציע פֿון אונדזער משפּחה, אין דער טעקסטיל-בראַנזשע.

**זרח** : ווי אַזוי?

**פֿײַוול** : מײַן זיידע איז געווען אַ קליין פֿאַבריקאַנטל. מען האָט עס גערופֿן – לייַנקעטניק אָדער כאַלופּניק. דער זיידע האָט פֿאַרמאָגט צוויי אייגענע וועב-שטולן. מײַן טאַטע ווי ער האָט דערציילט, האָט זיך פּרינציפּיעל אָפּגעזאָגט פֿון זיידנס ירושה, ווײַל ער האָט נישט געוואָלט אויסניצן קײַן מענטשן. ער האָט געשטרעבט צו ווערן אַ פֿירער פֿון פֿאַראיין, האָט ער בדאי געאַרבעט בײַ יענעם, אַזוי אַרום זײַן באַרעכטיקט, צו פּריידיקן פֿאַר די אַרבעטער און העלפֿן פֿאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן.

**זרח** : דו פֿײַוול, ביסט אָן שום ספק, גאַנץ מזלדיק; האָסט

גאַנץ פֿײַן דערגרייכט. איין זאַך ווייס איך אויף זיכער, אַז אַ ביסעלע מער בילדונג, גייט נישט צו פּוס; עס קומט שטענדיק צו נוץ.

**פֿײַוול** : אמת. דערמיט בין איך צופֿרידן. כאָטש פֿאַרן טיטל ״שטול־מײַסטער״ צאָלט מען זיך נישט איבער. פֿונדעסטוועגן, ווי גוט עס זאָל נאָר נישט זײַן, וואָלט איך פֿאַר אונדזערע קינדער געוואָלט עפּעס אַנדערש...

**שלום** : (רעדט שטיל, שוואַך און האַלט די האַנט אויפֿן שטערן) אויב עס וועט נאָר זײַן פֿרידן אויף דער וועלט וועסטו פֿײַוול, אַלע דײַנע פּלענער בשלומות דורכפֿירן. ביסט אַמביציעז; פּראַקטיש און דער עיקר, ניכטער...

**פֿײַוול** : פֿון דײַן מויל אין גאָטס אויערן. מיר האַלטן באַלד, בײַ נײַנצן צוויי און דרײַסיק. מיר קענען נישט פֿאַרלייקענען, אַז מיר לעבן אַ סך באַקוועמער ווי אונדזערע עלטערן. עלעקטריע, ראַדיאָ און טעלעפֿאָן, וועט מיט דער צײַט ווערן צוטריטלעך פֿאַר מער מענטשן...

**שלום** : פֿאַר וועמען? פֿאַר דיר, אפֿשר... איך האָב אַזוי פֿיל יאָרן געהאָפֿט און געגלויבט, אַז משיח וועט קומען... ס׳ווערט שווער צו וואַרטן...

**זרח** : דעמאָלט, ביסטו דאָך געווען פֿרום. במילא, האָסטו געגלויבט. איצט איז אַנדערש... איך בין טאַקע נישט געלערנט, נאָר מײַן פּשוטער שכל זאָגט מיר אונטער, אַז אייגנטלעך וואַרט יעדער מענטש, אויף אַ משיח; אויף בעסערע צײַטן... (דעם לעצטן זאַץ זאָגט זרח געווענדעט צו פֿײַוולען. שלום פֿאַלט אַראָפּ צוזאַמען מיטן שטול. דערשראָקענע, בייגן זיי זיך אַראָפּ צו שלומען. עכאָ: משיח, משיח, ליכט – לאַנגזאַם אויס.

סוף פֿון ערשטן אקט.

## צווייטער אַקט אין צוויי בילדער

### בילד 1 דעם זעלבן אָוונט

(די שטיינס אויפנעם-צימער. רײַך מעבלירט. פּליושענע מעבל; אַ פּיאַנאָ, שטיי-לאָמפּ, אַ ראַדיאָ; אַ קאַוועטישל; א. א. וו. עס איז צען אָוונט. ווען די ליכט גייט אויף, זיצט הערצקע שטיין אין אַ פֿאָטעל. שטעלט זיך אויף; פֿאַרדרייכערט נערוועז אַ פּאַפּיראָס. די טיר עפֿנט זיך. ער האָט דערוואַרט דער טאָכטער, יעטע; אַנשטאָט — זײַן פרוי טעמע.)

**הערצקע**: (אויפגערעגט) וואו קען זי זײַן אַזוי שפּעט? זאָל זײַן, אַז זי שפּילט אַ ברוגז, אָדער סתּם צולהכעיס... ס'האָט זיך מיר נעכטן אויסגעדאַכט, אַז ס'האָט זיך אַלץ געענדיקט צום גוטן; אַז איר רעספּעקט פֿאַר די עלטערן, איז שטאַרקער פֿאַר אַלץ.

**טעמע**: ווי פֿאַלט עס דיר אײַן? דערפֿאַר ווײַל זי האָט נישט גערעדט אַנטקעגן? איז דאָס בײַ דיר רעספּעקט... דו מוזסט זיך צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז ער געפֿעלט איר זייער און זי איז אין אים פֿאַרליבט...

**הערצקע**: דאָס האָב איך שוין טויזנט מאָל געהערט.

**טעמע**: וואָס בייזערסטו זיך אַזוי?

**הערצקע**: וואָס דען קען איך טאָן? נישט מיט גוטן; נישט מיט בייזן...

**טעמע**: ס'איז קלאָר, אַז דו האָסט נעכטן וואַזשנע איבערגעכאַפּט די מאָס... מען איז דאָך נאָר אַ מענטש... אפשר האָסטו חרטה? קוים טוט דיר באַנג...

**הערצקע** : מיר באַנג? איך דאַרף האָבן חרטה, פאַרוואָס? אויב דער מאַמעס טעכטערל האָט געמאַכט אַ קרומע מינע, דאַרף מען איר שוין נאָכגעבן די שמד...

**טעמע** : שטענדיק נעמסטו אַלץ אויפן שאַרף פון מעסער. ס׳האָט קיין מאָל נישט געבראַכט קיין גוטס... דאָך, האָב איך געגלויבט און געהאָפט, אַז מיט דער צײַט וועסטו זיך ענדערן... (פויזע) ס׳איז שוין קאַרגע צוואַנציק יאָר נאָך אונדזער חתונה... כ׳בין געווען בּמעט ווי זיכער, אַז בײַם מאַכן אַ וויכטיקע דעציזיע, וועסטו זיך גוט פאַרטראַכטן און מאַכן אויספירן, אויפן גרונד פון דײַן אייגענער דערפאַרונג...

**הערצקע** : (זייער בייז) וואָס איז דאָס פאַרא ״פּאַניעוואַזש״? עס קלעפּט זיך אַזוי ווי אַרבעס צו דער וואַנט!

**טעמע** : כ׳מיין, אַז דו האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען...

**הערצקע** : מיינסטו?... איך הער נאָך דאַנקען גאָט, אויף ביידע אויערן. האָסט צונויפגעמישט קאַשע מיט באַרשטש. דערקלער מיר, אַדרבא, וואָס האָט אונדזער חתונה אַ שײַכות מיט אונדזער צעבאַלעוועטער, זיבעצן יאָריקער טאָכטער? דו פאַרגעסט, אַז דערווײַל איז זי נאָך אונטער מײַן רשות! צי זי וויל, צי זי וויל נישט.

**טעמע** : (אַ לענגערע פויזע) דײַנע ווערטער, קלינגען מיר אין די אויערן פּונקט ווי אַן עכאָ... פּונקט אַזוי האָבן מײַנע עלטערן גערעדט צו מיר... זיי האָבן געוואָלט, אַמוויינסטנס אַ פּרינץ פאַר אַן איידעם און דו ווילסט אַ ראָטשילד...

**הערצקע** : (צעטומלט) אַהאַ! איצט פאַרשטיי איך וואָס דו האָסט אין זינען. ס׳איז אַ קנאַפּע חכמה צום איצטיקן מאָמענט, אויפצומישן דעם קאַפּיטל מיט דײַנע עלטערן. זיי האָבן מיר

גאַנץ גוט דאָס בלוט פֿאַרזאַפּט; געברענט מײַנע טריט. וואָס אַן אמת, בין איך נישט געווען דײַן גלײַכן; נישט געלערנט; נישט פֿאַרשטאַנען... אַ סך זאַכן האָב איך נישט פֿאַרשטאַנען... קען זײַן – דערפֿאַר וויל איך אַזוי שטאַרק, אַז יעטע זאָל זיך לערנען...

**טעמע** : דו, אָבער האָסט פֿאַר יעדן פּרײַז, געוואָלט דײַנס אויספֿירן. אויף די קני ביסטו פֿאַר זיי געשטאַנען; האָסט זיך בײַ זיי געבעטן און צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן...

**הערצקע** : נו, האָב איך דען נישט געהאַלטן קײַן וואָרט? איך האָב אַלץ געטאָן, אַז דו זאָלסט האָבן פֿון פֿייגל-מילך; כיהאָב זיך באַנוגנט מיט איין קינד, כּדי עס זאָל קריגן פֿון פֿול טוב...

**טעמע** : רעד אַ ביסל שטילער און הער זיך צו צו דײַנע אייגענע ווערטער... אפֿשר וועסטו פֿאָרט פֿאַרשטיין, אַז דײַן דעציזיע וועגן אונדזער טאָכטער, איז אַ גרויסע עוולה; ממש אַן עבֿירה. ער איז אַ וואוילער בחור. טאַקע אַן אָרימער יתום, אָבער...

**הערצקע** : אַזוי ווי איך זע ביסטו שוין "פּיקס און פּערטיק", זיך צו זעצן צום טיש, מיט אָט דעם אַ שמוציק, אָפּגעריסענעם "ביעדניאַק", מיט אַזאַ, כּיוויל נישט זאָגן וואָס... און וואָס וועלן די סוחרים זאָגן?... די גאַנצע געגנט אַרום, וועט זיך צוזאַמענלויפֿן אויפֿן בייזן וואונדער... אַ ניין! נישט בײַ מיר...

**טעמע** : וואָס טיש ווען טיש? זיי האַלטן נאָך דערווײַל נישט בײַם חתונה האָבן... זיי זײַנען נאָך אַזוי יונג... אַגבֿ דאַרפֿסטו אַ טראַכט טאָן, אַז דײַן מוטער איז אויך געווען אָרעם און זיך אַליין געפּײַניקט מיט פֿינף קינדער... ווי קענסטו זײַן אַזוי אומברחמנותדיק האַרט?

**הערצקע** : צו דיר בין איך נישט האַרט. דאָס איז מײַן חוב – אויפֿן ערשן אָרט אָפּצוהיטן די אייגענע פֿאַמיליע. כ׳וואָלט שוין אויסגעזען, ווען איך פֿאַרלאָז זיך אויף דײַנע פֿילאָזאָפֿיעס...

**טעמע** : כ׳בין דיר זייער דאַנקבאַר פֿאַר דײַן געטרײַשאַפֿט. איך שאַץ עס אָפּ. טראַץ דעם מיין איך, אַז ס׳איז שוין צײַט, זי׳דו זאָלסט פּרובירן צו פֿאַרשטיין און אויכעט העלפֿן אַ צווייטן, אויסער דײַן משפּחה.

**הערצקע** : איך העלף גאַנץ גענוג. איך גיב נדבֿות אויף לינקס און אויף רעכסט. די שוועלן האַקן זיי אָפּ, מיט די צדקה-פּושקעס. פֿאַרגעס נישט, אַז איך וויל זײַן זיכער, אַז מײַן קינד און קינדס קינדער, זאָלן זײַן פֿאַרזאָרגט אויף זייער גאַנץ לעבן. איז עס אַזוי קרום?

**טעמע** : זײַ מיר מוחל, מײַן מאַן, דו רעדסט שטותים... באַווײַז דײַן בריהשאַפֿט איצט. דײַן טאַכטער נייטיקט זיך אין אַ גוט וואָרט. ווײַז דײַן פֿאָטערלעכע פֿאַרשטענדעניש און טראַכט נישט וועגן פֿאַרזאָרגן קינדס קינדער... ווער ווייסט ווי אַזוי די וועלט וועט דעמאָלט אויסזען... מײַן מוטער פֿלעגט זאָגן: ״דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט״. און ״אַ מלחמה״ פֿלעגט זי צוגעבן, ״איז אומפֿאַרמײַדלעך״.

**הערצקע** : דײַן מאַמע, איז טאַקע געווען צו קלוג פֿאַר אַ פֿרוי און דו ביסט אויך אַ ביסל צו פֿיל געבילדעט. ווי עס זאָל נישט זײַן איז עס אין אונדזער צוזאַמענלעבן, געווען אַ קנאַפּע מעלה...

**טעמע** : אָבער, אַז דײַן טאָכטער זאָל זײַן געלערנט; מוז זײַן געלערנט, האָסטו פֿעסט באַשלאָסן ווען זי איז נאָך אין די ווינדעלעך געלעגן... אפֿשר, איז דאָס אויך פֿאַר לײַטן...

**הערצקע** : (שטאַרק באַליידיקט) דאָס איז שוין אַ ביסל צו פֿיל! דו שטעכסט מיר מיט דײַנע קלוגע ווערטעלעך און דו כאַפּסט דערבײַ היפּש איבער די מאָס... דו ווייסט, אַז איך האָב אײַך ליב; איך בין אײַך געטרײַ און וואָלט גרייט געווען, אין פײַער צו שפּרינגען פֿאַר אײַך... אָבער דאָס וועט איר בײַ מיר נישט פּועלן; איר וועט מיר פֿאַר קיין פֿאַל נישט אויפֿצווינגען, אַז איך זאָל זיך אַראָפּלאָזן צו אָט דעם נידעריקן שטאַנד...

**טעמע** : ביי מיר הייסט עס אַנדערש: אויפֿהויבן יענעם הייסט – אויפֿהויבן זיך אַליין.

**הערצקע** : אין לעבן גייט עס נישט אַזוי. אַ מענטש דאַרף וויסן זײַן פּלאַץ. סיקלינגט שיין און פֿײַן אין דײַנע מעשה-ביכלעך, וועלכע דו שלינגסט אַזוי ווי הייסע בייגל...

**טעמע** : וואַרף זיך נישט אַזוי און לאָז צו רו מײַנע ביכלעך. עס איז אגב, נישט אַזאַ חרפּה אויסצוהערן אַנדערע מיינונגען וועגן מענטשלעכע פּראָבלעמען. איך בין געווען מער ווי זיכער, אַז דיר האָט אימפּאָנירט מײַן לייענען; כ׳האָב זיך נישט איין מאָל געוואָלט מיט דיר טיילן. ווי עס זאָל נישט זײַן, האָבן מיר ביז נישט לאַנג, פֿאַרט געבויט און געפּירט אונדזער לעבן צוזאַמען.

**הערצקע** : ס׳איז אמת. אָבער טיף אין האַרצן, האָסטו אויך פֿאַר מיר קײַן רעספּעקט נישט. מעגלעך, אַז דײַנע עלטערן זײַנען געווען גערעכט. איך בין געווען און איך בין צו פּראָסט פֿאַר דיר; נישט געלערנט און זע אויס אין אַלעמענס אויגן, אַ גראָבער יונג...

**טעמע** : (דערנענטערט זיך צו אים) רעד נישט אַזוי, הערצקע. נישט איין מאָל האָב איך באַוואונדערט דײַנע סוחרישע פֿעיקײַטן. איך לייקן נישט. ס׳איז גוט צו זײַן געלערנט, אָבער צו זײַן גוט, איז עס אבסאָלוט קײַן סגולה נישט... מ׳קען

אויסלייענען אַ וואַגאָן מיט ביכער און קענען שמועסן מיט גרויסע, געלערנטע לײַט, איז אויב מען איז ערגער ווי בעסער, בלײַבט מען אַזוי...

**הערצקע** : אָט האָסטו אַליין געזאָגט, אַז זיי זײַנען גרויסע מענטשן! (שרײַט ווידער ווילד) זיי זײַנען... גאָר עפּעס אַנדערש, זײַנען זיי! איך קען זיך צו זיי נישט גלײַכן! איך טויג נישט, ווײַל איך בין אַ פּראָסטאַק...

**טעמע** : הער שוין אויף מיט דײַנע נאַרישקײַטן; מיט די ייִנגלשע רייד!! אַלע ווייסן אַז דו ביסט אַן אויפטוער; אַ דאַנק דיר האָבן מיר פון כּל טוב. (פּויזע. זי רעדט ווייכער) לאָז זיי, ביטע, צו רו... אפשר וועלן זיי אַליין מיט דער צײַט אײַנזען... אויב וועסטו זיי מיט גוואַלד צעשיידן, קען אַמאָל פּאַסירן, אַז דו זאָלסט זיך סיגאַנצע לעבן נישט קענען שענקען...

**הערצקע** : כ'בין נישט קײַן נביא. אַוודאי קען אַלץ געשען. דערווײַל לעב איך נאָך און איך, איך מעג זאָגן אַ דעה מײַן אייגן קינד. איך וועל אַלץ טאָן, אַז דער שידוך זאָל נישט צושטאַנדקומען. ( איידער ער פאַרענדיקט דעם זאַץ, עפנט זיך די טיר און די דינסט גרונע ברענגט אַרײַן אַ זילבערנע טאַץ, זילבערנע קריגעלעך, טיי מיט צובײַסעכטס. זי שטעלט עס אַוועק אויפן קאַוועטישל. אַ טויטע שטילקײַט.) ע, גרונע! האָט איר הײַנט צוגעראַמט יעטעס צימער?

**גרונע** : "ניין, הער, הער, הערסקע... די טיר איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרסלאָסן. (זי ניסט און הוסט) הײַנט אַ גאַנצן טאָג, דער פרײַלין יעטע. ניסט געזען, ניסט געהערט..." (אַקצענט – "ס""צ")

**טעמע** : (באַהערשט) וואַרשײַנלעך איז זי נאָך די לעקציעס, געגאַנגען אין ביבליאָטעק אַרײַן און זיך דאָרט פאַרשמועסט...

איר קענט רויק גיין שלאָפן, גרונע, איר דאַרפט נישט וואַרטן.

**הערצקע**: (גרונע גייט צו דער טיר) הערט אויס גרונע: פון מאָרגן אָן, זאָלט איר אַלע בריוו, צײַטונגען, אַלץ וואָס מע ברענגט און פּאַר וועמען ס׳זאָל נישט זײַן, אָוועקלייגן עס בײַ מיר אין צימער אויפן טיש. (זי קוקט אים גלײַך אין די אויגן, שאָקלט צו מיטן קאָפּ, אויף יאָ און אויף ניין) פאַרשטאַנען? אַ, נאָך נישט צעקײַט...

**גרונע**: "יאָ יאָ יאָ סעקײַט, הער הערסקע... אַלע בריוו, סיין פון מאָרגן אָן, אַרײַנסטעלן... ניין, ניין כ׳מיין אַרײַנלייגן, צו אײַך אין סימער אויפן טיש"... (זי קערט זיך עטלעכע טריט צוריק און ווענדעט זיך צו טעמען.) "אפסער, זאָל איך אַ קוק טאָן, צי פרײַלין יעטע סלאָפּט סיין?" ( זי וואַרט נישט אויף קײַן ענטפער. קענטיק, אַז טעמע האָט נישט געוואָלט הערן. הערצקע עפנט פאַר גרונען די טיר און טוט איר אַ קניפּ אין הינטן. יעטע, וועלכע איז שוין געשטאַנען הינטער דער טיר, האָט באַמערקט דעם פאָטערס געשמאַקלאָזן זשעסט. ער ווערט צעטומלט. גרונע פאַרשווינדט.)

**הערצקע**: (עפנט ברייטער די טיר. יעטע קומט אַרײַן) ברוך הבא! וואו ביסטו געווען אַזוי שפּעט? (טעמע גלײַכט אויס די קישעלעך אויפן דיוואַן און גייט אַרויס)

**יעטע**: עס איז נישט שפּעט.

**הערצקע**: אַן אָנשטענדיק קינד; אַ מיידל אין דײַנע יאָרן, שלעפּט זיך נישט אַרום אין די פינצטערע אַלייען...

**יעטע**: האָסט זייער אַ רײַכע פאַנטאַזיע. יאָ, איך בין געגאַנגען שפּאַצירן...

**הערצקע :** אַרומגעפּלאָנדערט זיך איבער די גאַסן!... וואָס וועלן מענטשן רעדן?...

**יעטע :** איך בין נישט געגאַנגען אַליין... וואס וועלן דײַנע אַרבעטער אויף דעם זאָגן?

**הערצקע :** ענטפער נישט אַנטקעגן! (פּויזע) ווי מען לייגט אַ קראַנקן טויג נישט... סיטוט אַלץ איינס ווײ.

**יעטע :** ווער איז דער קראַנקער? מיינסטו, אַז...

**הערצקע :** (רעזיגנירט) דער קראַנקער, דאָס בין איך. דאָס ווער איך אויפגעפרעסן פון בושה... ס'וואַרפט מיך אין היץ און אין קעלט און פונקט אַזוי ווי לעבעדיקע פּיאַווקעס, זאָלן גריזשען מײַן האַרץ...

**יעטע :** (אַנגעשטרענגט) אויב דו ביסט אַזוי חרוב קראַנק , איז פאַרשטענדלעך, אַז איך דײַן בת-יחידה בין דײַן שווערע קראַנקײַט. איך פיל, אַז דו וואָלסט גערנער געזען, אַז אַ באַן זאָל מיך איבערפאָרן און דער גוטער פאָטער, זאָל קומען צו דער ריכטיקער צײַט, אָפּצוראַטעווען זײַן אייגן קינד... אַלע וועלן דעמאָלט וויסן דעם גאַנצן אמת, אַז הערצקע שטיין, דער רײַכער טעקסטיל-פאַבריקאַנט וויים ווי אָפּצושאַצן – וויפל און ווען – זײַן טאָכטער איז ווערט...

**הערצקע :** (ווילד) אַזוי רעדט אַ חצופה! דער מאַמעס טעכטערל האָט זיך צעלאָזט! געבילדעט! הערט נאָר ס'לשון... אויף דעם דאַרף מען גיין שטודירן אין אוניווערסיטעט! דײַן גליק, וואָס די מאַמע דײַנע איז נישט מיט אַלעמען... איך וואָלט דיר אָנגעלערנט איין מאָל פאַר אַלע מאָל!!...

**גרונע :** (טוט אָן עפן די טיר) "הער הערסקע, די מאַדאַם

פילט זיך זייער סוואַך, זי וויל אַמך זייער סטאַרק זען״... (ער גייט צו דער טיר. גרונע נאָך אים, נאָר יעטע ציט איר צוריק, אַז דער פאָטער זאָל נישט זען)

**יעטע** : וואָס איז דער מער מיט דער מוטער? (זעצט זיך און וו‍ײַזט גרונען זיך צו זעצן) זי דערציילט מיר גאָרנישט, נאָר עפּעס...

**גרונע** : ״ז‍ײַ רויק יעטע. די מאַדאַם איז לעסטנס אָפּגעסוואַכט. אַלס סעפּעט זיך סו איר. זי האָט סטאַרקע קאָפּ-ווייטאָק – מיגרען. מ‍ײַן סוועסטער סיינדל, האָט סטאַרק געליטן אויפן קאָפּ. זי פלעגט מאַכן קיילעס, הימל עפן זאָך... די מאַמע פלעגט איר צולייגן, אַ נאַסע סמאַטע מיט סטיקלעך רויע קאַרטאָפל סום סטערן, עס זאָל אַרויסציען דעם טשאַד; כמיין די מיגרען.״

**יעטע** : איך געדענק א‍ײַער שוועסטער שיינדל. זי איז איין מאָל, געקומען אַ‍ײַך באַזוכן. זייער אַ שיינע; מיט חן גריבעלעך...

**גרונע** : ״האָסט אַ סאַרפן קאָפּ, יעטע. אין דער מאַדאַם אר‍ײַנגעראָטן...״

**יעטע** : איך דערמאָן זיך, אַז זי איז אַהערגעקומען, מיט אַ שיינעם הויכן יונגן מאַן, אמת?

**גרונע** : ״יאָ אמת, דאָס מזל זאָל פאַר דיר אַזוי ש‍ײַנען ווי ס׳איז אמת. ס׳איז סוין, סוין באַלד פיר יאָר אַ געסיכטע. טאַקע דאָן געקומען זיך געזעגענען מיט מיר.״

**יעטע** : וואו אַהין איז זי דעמאָלט געפאָרן?

**גרונע** : ״ס׳איז געווען אַזוי... (קנ‍ײַפּט זיך די באַקן) מוזט זיך

סווערן, אַז קיינער, קיינער וועט ניסט וויסן; אַז דו וועסט עס, חלילה קיינמאָל, קיינעם ניסט דערציילן...״

**יעטע** : איך זאָג צו, גרונע. איך גלויב נישט אין קיין שבועות.

**גרונע** : (פּויזע) ״סיינדל איז געווען אַכט יאָר ייִנגער פֿאַר מיר. איך בין געווען די ערסטע און זי די זעקסטע. מיט פֿיר יאָר סיריק האָט סיינדל געוואָלט חתונה האָבן, אָט טאַקע מיט דעם סיינעם יאַט. די מאַמע האָט ניסט געלאָזט. ס'האָט זיך געטאָן חייסעך״...

**יעטע** : פֿאַרוואָס?

**גרונע** : ״גאַנץ פּאָסעט. צוליב מיר... פֿאַרסטייסט, די זאַך איז אַזוי... איך האָב ניסט געהאַט קיין חתן, האָט די מאַמע געסטורעמט, אַז זי טאָר מיר ניסט פֿאַרסעמען; זי איז יונג, באַדאַרפֿט זי וואַרטן...״

**יעטע** : זייער אַלטפֿרענקיש.

**גרונע** : ״די מאַמע איז געווען נאַריש, אַזוי צו זאָגן. עלטערן קענען אויך זײַן נאַריש און ניסט גערעכט. פֿאַרסטייסט וואָס איך מיין?״

**יעטע** : נאָך ווי... האָט איר געזאָגט אײַער מוטער וואָס איר מיינט; איך מיין אײַער מיינונג וועגן שיינדלען?

**גרונע** : ״יאָ, געזאָגט; דעם טאַטן אויך, אַז ניסט זאָל איך סטאַרבן, אויב איך זאָג ניסט אמת... איך האָב זיי דערקלערט, אַז סמאַכט ניסט אויס, ווײַל יעדער מענץ, האָט סײַ ווי זײַן גורל... האָט די מאַמע געטענעט, אַז זי וואָלט זיך בעסער באַגראָבן אַ לעבעדיקע, איידער ווערן פֿאַרסטייסן און

פאַרסעמט, פאַר אַ סטאַט מיט מענטשן״...

**יעטע** : וואָס איז געוואָרן דער סוף? כ׳מיין וואָס איז געשען מיט שיינדלען?

**גרונע** : ״געסען איז עס אַזוי. אונדזער טאַטע-מאַמע האָבן, בסוף אייפן ניסט אויפגעהערט סטערן דעם סידאַך. אַזוי ווי סיינדלס חתן איז געווען פון אַ פאַרמעגלעכע פֿאַנע מיספּאָכע, זײַנען זיי אין איין סיינעם טאָג פאַרסוואונדן״...

**יעטע** : און גאָרנישט געלאָזט הערן פון זיך; נישט געשריבן אַהיים וואו זיי געפינען זיך? צי זיי זײַנען געזונט, צי זיי...

**גרונע** : ״אָ, ניין, ניסט אַהיים... גאָט זאָל מיר ניסטראָפן פאַר די רייד... צו מיר סרייבט זי אויף אַמער אַדרעס. זיי געפינען זיך אין ליטע און זײַנען זייער גליקלעך״.

**יעטע** : און קינדער האָבן זיי?

**גרונע** : ״מײַן סוואָגער איז זייער סטאַרק אין קאָפּ; אַ סטאַרקער חכם! דאָס ערסטע קינד, סרײַבט ער, איז געבוירן געוואָרן אויפן וועג... פאַרסטייסט?... דער אייבערסטער זאָל מיר מוחל זײַן... סיינדל, סרײַבט ער, איז דערוויַל זײַן צווייט קינד און ספּעטער וועלן זיי זען... ער קוסט מיר פון דערווײַטן...״

**יעטע** : און אַמערע עלטערן?

**גרונע** : ״זיי זײַנען סרעקלעך פרום. מען טאָר קיינמאָל מער איר נאָמען ניסט דערמאָנען. זיי זײַנען געזעסן סיווע נאָך איר און אויס... אַזוי ווי אויף דער וועלט ניסט געווען... דאָ האָסטו דעם בעסטן סימען, יעטע, אַז יעדער מענטש האָט זײַן אייגן גורל.

סיינדל איז סיין ווײַט, ווײַט, אַוועק מיט איר באַסערטן און איך סטיי נאָך אַלץ אויפֿן זעלבן פּלאַץ..."

**יעטע** : איר האַלט פֿון גורל. זענט איר אויך פֿרום?

**גרונע** : "ניין, איך בין ניסט פֿרום. אָבער איך האַלט פֿון גורל, אַ יאָ... אַט נעמט למאָסל, אונדזער סיינדל. זי — די יינגסטע און איך — די עלטסטע. איך בין געגאַנגען דינען בײַ יענעם און געהאָלפֿן די עלטערן, אַז סיינדל זאָל זיך קענען לערנען. דער גורל האָט זיך אַזוי לאַנג געספּילט, ביז וואַנען סיינדל איז אויסגעוואָקסן, סיין און געלערנט און איך בין געבליבן אַ דינסטמויד... אפֿסר, ביזן גרויען סאָף..."

**יעטע** : (טרייסט איר) עס וועט נאָך גוט זײַן, די וועלט איז גרויס און שיין... איר זענט נאָך נישט אַלט; איר וועט קריגן אַ מאַן.

**גרונע** : "ווער קען וויסן... אפֿסר..."

**הערצקע** : (הערצקע קומט אַרײַן. גרונע שטייט אויף און לויפֿט אַרויס. ער בלײַבט שטיין פֿאַרגליווערט און יעטע בלײַבט זיצן אויפֿן אָרט) געפֿונען זיך אַ חברטע. אַ בראָך צו די יאָרן... אַראָפּגערעדט זיך סיביטער האַרץ פֿאַר דער דינסטמויד...

**יעטע** : אַ דינסטמויד איז אויך אַ מענטש. בפֿרט גרונע...

**הערצקע** : איך ווייס נישט וואָס פֿאַראַ דיבוק איז אין דיר אַרײַן? פֿאַר יעדן איינעם, האָסטו אַ גוט וואָרט... איז דיר כאָטש באַקאַנט גרונעס יחוס? ביז הײַנט ווייס מען נישט, פֿאַרוואָס זיי זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון ליטע. איך קען זיך לײַכט פֿאָרשטעלן. אַ וואַזשנע פֿרײַנדינע...

**יעטע** : מיר האָבן נישט גערעדט וועגן דיר. קענסט זײַן גאַנץ רויק. קײַן איין וואָרט נישט! (זי שטייט האַסטיק אויף און גייט צו דער טיר. דער פּאָטער פאַרשטעלט איר די וועג.)

**הערצקע** : זאָלסט וויסן זײַן, אַז די מאַמע איז קראַנק; זייער קראַנק... זי קען נישט איבערטראָגן דעם עגמת נפש... זי קען חלילה, פון דער וועלט גיין צוליב דיר... געדענק!

**יעטע** : הער אויף! קוים ווילסטו עפּעס אויספּירן, רודערסטו יענעמס געוויסן... דו טראַקטירסט מיך ווי אַ קינד. איך בין נישט מער נאַיוו. כ׳בין געקומען צום אויספּיר, אַז יעדער מענטש איז אויסגעשטעלט, אויף זײַן אייגענעם גורל... און דאַרפסט לאָזן אַנדערע צו רו!

**הערצקע** : ווײַ איז מיר! ווען מענטשן זאָלן הערן ס׳פּיסקעווען... כ׳ווייס וואו דו ביסט אַזוי קלוג געוואָרן; די אויסגעדראָשענע טענות זײַנען מיר גוט באַקאַנט... זײַן טאַטע וויל אויסגלײַכן די וועלט, אָבער זײַן זון שטופּט ער דאָרט וואו ס׳קעלבט זיך...

**יעטע** : אַ רעד נישט אַזוי! אויב מיינסטו יאָלקעס פּאָטער, איז ער אַ פֿײַנער, איידעלער מענטש.

**הערצקע** : (ווילד) שוין ער געפעלט דיר שוין פּאַר אַ שווער! אָט דער, כ׳וויל נישט זאָגן... וואָס... העצט די...

**יעטע** : איז בעסער שווײַג! רעד נישט מער!...

**הערצקע** : און דו ריטשע נישט אַזוי. אויב ס׳געפעלט דיר נישט, קענסטו גיין! קענסט זיך אַהין אַרײַנציען ווּעסטו ערשט דערפילן דעם עיפּוש... דאַן וועסטו זיך אַרומזען... מײַן הסכּמה וועסטו נישט קריגן! איך וועל דיר נישט נאָכגעבן און דו קענסט

מיך נישט צווינגען!...

**יעטע** : איצט גיי איך שלאָפֿן און דו קענסט טאָן, וואָס דײַן האַרץ גלוסט... כ'דאַרף שוין נישט מאָרגן קײַן געלט פֿאַרן נײַעם סימעסטער...

**הערצקע** : אַזוי גאָר...סטראַשונקעס... אויס אוניווערסיטעט! (פּויזע) און צוליב וועמען?

**יעטע** : צוליב דיר! איך וועל דאָ אַלץ איינס נישט בלײַבן... איך וועל אַוועקפֿאָרן...

**הערצקע** : און די זלאָטעס וואַלגערן זיך אין די גאַסן, האַ?

**יעטע** : וועסט מיר דערמיט נישט אָפּשרעקן. כ'וועל אַרבעטן. אַ דינסט אַזוי ווי גרונע, וועל איך ווערן... זי לעבט און איך וועל אויך... (זי ברעכט זיך איין און לויפֿט אַרויס. ער זעצט זיך אַוועק, זייער פֿאַרצווייפֿלט. זײַן פֿרוי קומט אַרײַן אָנגעטאָן מיט אַ שלאָפֿראָק. אַ מינוט שטיל)

**טעמע** : (רעדט שוואַך) וואו איז יעטע, נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען? (ער זיצט מיט די הענט אויפֿן פּנים) ענטפֿער... וואָס שווײַגסטו? דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך לײַד טאָפּל...

**הערצקע** : זי איז אַרײַן צו זיך אין צימער... און וואָס הייסט עס, אַז דו לײַדסט טאָפּל?

**טעמע** : דו ווייסט גאַנץ גענוי וואָס איך מיין... עס איז שוין צײַט אַז מיר זאָלן אויפֿהערן איינער פֿאַרן צווייטן, שפּילן די ראָלן... אויס סוד... דער דאָקטער האָט מיר אַלץ דערקלערט...

**הערצקע** : (שפּרינגט אויף ווילד) וואָס? ער האָט דיר

דערקלערט... אַזאַ פּאַסקודניאַק! איך וועל אים אָנרײַבן אַ מאָרדע, אַז ער וועט מיך האָבן צו געדענקען!

**טעמע** : ש..שרײַ נישט אַזוי. יעטע קען דערהערן.

**הערצקע** : ער האָט מיר צוגעזאָגט, נאָר איך האָב זיך באַנאַרישט. אין האַנט אַרײַן האָב איך אים באַדאַרפט געבן, אַז ער זאָל האַלטן די צונג צווישן די ציין... האַלדז און נאַקן וועל איך אים צעברעכן! ער האָט מיך אָפּגענאַרט!

**טעמע** : עס איז נישט זײַן שולד; (זי ציט אים צו דער סאָפע.) אויף מײַן וואָרט... ער איז אַבסאָלוט נישט שולדיק. מאַך זיך נישט צו נאַר...

**הערצקע** : נאָר ווי אַזוי? ווער דען?...

**טעמע** : עס איז געווען אַזוי: איך בין געזעסן אין וואַרט-צימער. איך בין געווען די לעצטע פּאַציענטקע. עס איז געווען אַ טויטע שטילקײַט. די טיר פון דאָקטערס צימער איז געווען האַלב אָפן. ער האָט גערעדט דורכן טעלעפאָן וועגן מיר. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ער רעדט אַוודאי מיט דיר. איך האָב אַלץ געהערט. דער דאָקטער איז געווען אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט. איך האָב פון אים פאַרלאַנגט דעם אמת...

**הערצקע** : (רעזיגנירט) ווען איז עס געווען?

**טעמע** : דעם לעצטן דינסטיק... יאָ, אייערנעכטן. אפשר וועט עס זײַן צום גוטן... דער גורל האָט דווקא אַזוי געוואָלט. אַגב, האָב איך לויט די אַלע סימנים, זיך אַליין אָנגעשטויסן. אויך די דאָזיקע זאַכן האָב איך זיך דערוואוסט פון מײַנע ביכלעך...

**הערצקע** : (נעמט איר אַרום) עס קען נאָך גוט זײַן. מיר טאָרן

ניט זײַן פֿאַרצווייפֿלט. יעדן טאָג געפֿינט מען אויס נײַע זאַכן; נײַע מיטלען...

**טעמע** : יאָ אַלץ איז מעגלעך. איך בעט דיך הערצקע, האַלט עס בסוד פֿאַר יעטען. העלפֿן קען זי במילא נישט. איך וויל נישט זי זאָל וויסן, זי לײַדט אַזוי אויך גענוג... בייז איז זי טאָקע אויף אונדז, אָבער זי איז אַ גוט קינד...

**הערצקע** : דאָס דאַרף שוין הייסן אַ גוט קינד, משטייענס געזאָגט... איך ווייס שוין נישט אויף וועלכער וועלט איך בין.

**טעמע** : זי איז אונדז געטרײַ. דערמאָן זיך, קוים מיט אַ יאָר צוריק, ווען דו ביסט שווער קראַנק געווען, איז זי פֿון דײַן בעט נישט אָפּגעטראָטן. זי איז אַן איבערגעגעבענע טאָכטער, נאָר איצט איז זי שטאַרק פֿאַרביטערט...

**הערצקע** : דאָס איז דאָך מײַן געשרײַ. איך דערקען נישט מײַן אייגן פֿלייש און בלוט. זי איז נישט די זעלבע יעטע ווי געווען.

**טעמע** : ס׳איז נישט אַזוי שרעקלעך... ס׳איז אפֿילו נאָרמאַל. אַלע מיידלעך אין דעם עלטער, גייען דורך אַ שווערע צײַט. זיי ענדערן זיך כּסדר...

**הערצקע** : נו, זאָל שוין זײַן ווי דו זאָגסט; אַזאַ מין איבערגאַנג, איז ווען זי, כ׳מיין זי זאָל פֿאָלגן די עלטערן, וואָלט דאָך געווען אַלץ כּשורה; בעסער פֿאַר אַלעמען...

**טעמע** : בעסער?... ווער ווייסט? יעדן פֿאַל, איך ווייס, אַז איך האָב נישט קײַן כּוח דיר איבערצושפּאַרן. ביסט שטענדיק געווען אַן עקשן...

**הערצקע** : (ווייך) הויבסט שוין ווידער אָן...

**טעמע** : איך הויב גאָרנישט אָן. איך וויל בלויז זאָגן, אַז דווקא ווײַל מיר האָבן דערפֿאַרונג מוזן מיר זיך צובייגן... עס איז אונדזער קינד. ווען איר האַרץ קלאַפּט פֿאַר ווייטיק, דערפֿיל איך עס גלײַך אין מײַנע אָדערן... איך פֿאַרשטיי, אַז דו לײַדסט אויך... איז אויב עס העלפֿט נישט דאָס רעדן; אויב קענען מיר נישט ווירקן, מוזן מיר...

**הערצקע** : (העכער) דאָס הייסט, אַז מיר דאַרפֿן זיך צופּאַסן צו איר; אײַנגיין אויף אַלץ וואָס איר געפֿעלט. וואו איז יושר? און וואו איז איר רעספּעקט פֿאַר אונדז?

**טעמע** : ווערסט זען, הערצקע, אויב זי וועט זײַן צופֿרידן; בעסער אויפֿגעלייגט, וועט אַלץ צוריקקומען. זי איז אַ פֿאַרשטענדלעכער מענטש... זײַ גוט צו איר... זי וועט אויך לײַדן פֿון אונדזערע פּראָבלעמען...

**הערצקע** : איך בין אויך אַ מענטש! איך קען נישט פֿאַרלייגן די הענט און וואַרטן אויף משיחן! טעמע, איך פֿאַרגעס נישט קיין רגע, אַז דו ביסט קראַנק. אָבער וואָס קען איך העלפֿן, אַז דײַנע פֿילאָזאָפֿיעס, גייען מיר אויף די נערוון; עס פּלאַצט מיר דער געדולד... לויט דיר קומט אויס, אַז איך זאָל זיך אַנידערלייגן אויף דער ערד און לאָזן זיך פֿון זיי טרעטן מיט די פֿיס... אָ, ניין איך וועל זיך נישט לאָזן פֿירן פֿאַר דער נאָז, פֿון די יונגע שנעקעס...

**טעמע** : טראַכט וועגן מיר; האָב אין זינען מײַן צושטאַנד... איך גלויב, אַז איר נייטיקט זיך נאָך אין מיר. איך וועל זיך לאָזן היילן... איך פֿאַרלאַנג אָבער אַז דו זאָלסט...

**הערצקע** : און דו טראַכט, אַז גאָט וועט העלפֿן... מײַן מאַמע פֿלעגט שטענדיק זאָגן, אַז כּל-זמן מ'לעבט טאָר מען נישט פֿאַרלירן די האָפֿענונג. איך דאַוון יעדן פֿרימאָרגן און איך בעט

גאָט, אַז ער זאָל מיר, חלילה, נישט שטראָפן. (ער וויינט) איך טו תּשובה... אָן דיר וואָלט איך נישט געקענט לעבן... כ׳וואָלט זיך אויפגעהאָנגען...

**טעמע** : באַרויק זיך. דײַנע ווערטער ווירקן אויף מיר, ווי זאַלץ אויף די וואונדן. הער אויף צו קלאָגן, איך ווייס, אַז דו ווילסט מיר העלפן.

**הערצקע** : איך בין גרייט אויף אַלץ... דער עיקר, טאָרן מיר נישט פאַרלירן דעם מוט...

**טעמע** : ס׳איז ריכטיק, אַז מען דאַרף נישט פאַרלירן די האָפענונג... אַגב, דאָקטוירים קענען זיך אויך אַ מאָל טועה זײַן... דערווײַל לעב איך און איך בין זיכער, אַז דו ווילסט מיר העלפן...

**הערצקע** : איך בין אָבער אַזוי אומבאַהאָלפן. איך ווייס נישט וואָס איך זאָל טאָן...

**טעמע** : צום איצטיקן מאָמענט, איז פאַראַן איין און איינציקע זאַך מיט וואָס דו וואָלסט געקענט לינדערן מײַנע ווייטיקן... עס וואָלט מיר אַ סך לײַכטער געווען, ווען איך זאָל זען אונדזער טאָכטער, נישט אַזוי טרויעריק... דו קענסט העלפן...

**הערצקע** : איך באַמי זיך, אָבער איך קען נישט אַרויפטאָן מײַן קאָפּ אויף איר קאַרק... זי שפּרינגט אַנטקעגן, ווי אַ ווילדע חיה; אַ יונגע קאַזע.

**טעמע** : דערמאָן זיך, טײַערער, ווען דו ביסט אַלט געווען זיבעצן יאָר. באַזין זיך. זי איז יונג, נאַיוו און אומשולדיק. זי איז ווײַט נישט קײן נאַר... אַריינגעראָטן אין פאָטער...

**הערצקע** : (פויזע) אפשר וועט זיך איצט אַלץ ענדערן... קען זײַן צום גוטן...

**טעמע** : (פאַרוואונדערט) וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן? אין וועלכן זין?

**הערצקע** : (פויזע) זי... זי האָט מיר הײַנט געזאָגט, אַז זי וועט זיך מער נישט לערנען; זי רײַסט איבער...

**טעמע** : (באַמיט זיך אויפצושטעלן, ווי מיט די לעצטע כּוחות.) וואָס?... וואָס האָסטו געזאָגט?... אַזוי איינפאַך אויפגעבן אַלץ? דאָס האָט איר ביידע באַשלאָסן ; געפונען אַן אויסוועג... (ברעכט זיך אײַן) איך, ווער שוין דאָ באַטראַכט ווי טויט! אַז!...

**הערצקע** : (נעמט זי אַרום. זיי זעצן זיך צוריק) עס איז ניטש אַזוי ווי דו טײַטשט עס אויס. דו רעדסט נאַרישקײַטן. דײַן וואָרט איז בײַ מיר זייער וויכטיק. דײַן געזונט איז בײַ מיר טײַערער ווי אַלץ. איצט באַרויק זיך. מען וועט נאָך רעדן. איך וועל טאָן אַלץ וואָס דײַן האַרץ וועט גלוסטן...

**טעמע** : איז גוט... אויב אַזוי בעט איך בײַ דיר, אַז דו זאָלסט זיך באַמיען שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק און העלפן די קינדער... אָרעמע מענטשן האָבן אויך רעכט צו לעבן. אויב דאַוונסטו שוין יאָ טאָ פאַרגעס זשע ניט, אַז ס'איז אַן עברה צו דערנידעריקן אַ צווייטן. (הערצקע זיצט פאַרשטיינערט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. זי גיט אים אַ קוש אין קאָפּ זי שטייט אויף. ליכט לאַנגזאַם אויס, ווען טעמע פאַרלאָזט דעם צימער)

סוף פון ערשטן בילד.

## בילד 2

(אַ טאָג שפּעטער, בײַ די נאָוויטשעס. ס׳איז זעקס פֿאַרנאַכט. זרח גרייט צום טיש: זופּ-שיסעלעך; געשניטן ברויט; אין מיטן טיש – אַ טעפּל הייסע זופּ. לעפֿל, מעסערס און אַ שעפּ-לעפֿל. יאָלקע שטעלט אָן דעם גראַמאַפֿאָן.)

**זרח** : (כאַפּט זיך פֿאַר די אויערן) אָה! זײַ אַזוי גוט יאָלקע, אַ ביסל שטילער.

**יאָלקע** : וואָס איז מיט דיר? ס׳איז נישט העכער ווי שטענדיק! דו ווייסט, אַז דאָס קען מען נישט רעגולירן. ס׳איז צעבראָכן.

**זרח** : כ׳ווייס נישט; כ׳האָב דעם מינדסטן אָנונג נישט. אויב אַזוי, שטעל עס הײַנט אין גאַנצן אָפּ. איך בעט דיר... דער קאָפּ פּלאַצט מיר...

**יאָלקע** : (קוקט מיט פֿאַרדאַכט אויפֿן טאַטן; שטעלט אָפּ די מוזיק און זעצט זיך קעגנאיבער) מיר האָבן זיך נעכטן אויסגעמיטן. אַ מאָדנע זאַך. ס׳האָט נאָך קיין מאָל נישט פּאַסירט...

**זרח** : יאָ, איך ווייס, אַז מיר האָבן זיך נעכטן נישט געזען... ריכטיק באַמערקט – ס׳ערשטע מאָל...

**יאָלקע** : כ׳האָב זיך דערטראַכט ווי אַזוי ס׳האָט פּאַסירט. ווען איך בין נעכטן אין אָוונט אַהיים געקומען איז שוין געווען גוט שפּעט. איך בין געווען שרעקלעך מיד, בין איך תּיכּף אײַנגעשלאָפֿן און נישט געהערט ווען דו ביסט געקומען. אינדערפֿרי. ווײַזט אויס, אַז כ׳בין זייער פֿעסט געשלאָפֿן. (קוקט אויפֿן טאַטן, וועלכער האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.) וואָס

שווײַגסטו, טאַטע? זעסט אויס נישט אויסגערוט; אָדער גאָר בייז אויף מיר. אפשר, האָב איך זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט?

**זרח** : חלילה... און אויב אפילו...

**יאָלקע** : וואָס דען איז מיט איין מאָל געשען? אַ שלעכטער בריוו איז פון ערגעץ אָנגעקומען? ענטפער... אפשר ווידער אַ קאָנפליקט מיט די שטיינס? וואָס עס זאָל נאָר נישט זײַן, דאַרף איך עס וויסן. איך בין דײַן זון; איך האָב רעכט צו פרעגן.

**זרח** : (הויבט אויף דעם קאָפּ און טרייסלט זיך אויף) לערן זיך נישט טרעפן מײַן זון... איך קלויב זיך נישט צו האַלטן פאַר דיר אַ סוד. לאָמיר פריער אָפּעסן. (זיי עסן שווײַגנדיק) שלום, מײַן יינגסטער חבר, איז שוין... איז נישטאָ...

**יאָלקע** : וואָס הייסט נישטאָ? וואו דען איז ער? אַרעסטירט? אָדער געמוזט אַנטלויפן פאַר עפּעס?...

**זרח** : ניין, ניין, יאָלקע ס'איז אַ סוף... פאַרשטייסט? שלום איז נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע; ער איז טויט... געשטאָרבן... (די שטימע ברעכט זיך.) זײַ מיר מוחל... איך בין שרעקלעך צעבראָכן. דאָך, איך וועל זיך נעמען אין די הענט...

**יאָלקע** : (שטעלט זיך אויף) איך גלויב נישט מײַנע אויערן... ווען און ווי אַזוי? אַזוי יונג; אַזוי פּלוצלינג...

**זרח** : זעץ זיך אַוועק און באַרויק זיך. נעכטן, ווען דײַן פרײַנדין איז אַהער אַרײַנגעקומען, בין איך אַוועק אין פאַראיין, דערמאָנסט זיך?

**יאָלקע** : יאָ, יאָ, איך געדענק. איז ער דאָרט געווען? כ'מיין, האָט ער דאָרט אויך געדאַרפט זײַן?

**זרח** : יאָ, ער איז געווען, ווי קיין מאָל גאָרנישט. עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג.

**יאָלקע** : נו, האָט ער גענומען אַ וואָרט? האָט ער זיך דענערווירט?

**זרח** : ניין. פאַרקערט. ער איז געזעסן לעבן מיר און שטיל זיך צוגעהערט ווי אנדערע האָבן זיך געהיצט... ווען די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט, זײַנען מיר אַלע דרײַ, כ'מיין איך שלום און דער הויכער פּײַוול, אַרויס צוזאַמען. די ערשטע זאַך וואָס שלום האָט געזאָגט אין דרויסן, קלינגט מיר נאָך איצט אין די אויערן: „איך בין זיך מחיה מיט די פרישע לופט"...

**יאָלקע** : האָט איר זיך דאַן צעשיידט?

**זרח** : ניין, מיר האָבן זיך פאַרשמועסט, און פאַרקראָכן אין אונדזער ריכטונג .איך האָב זיי אײַנגערופן צו אונדז און זיי מכבד געווען, מיט אַ גלאָז טיי...

**יאָלקע** : דער עיקר טאַטע, ווי אַזוי איז עס פאָרגעקומען?

**זרח** : אָט אַזוי פּלוצלינג... מיר האָבן געוואוסט, אַז שלום איז אַ שוואַכער מענטש; שטענדיק אויסגעזען קרענקלעך. ער האָט ווי ווײַט מעגלעך, אויסגעמיטן צו רעדן דערוועגן... ער האָט זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט, נאָר פון צײַט צו צײַט, פלעגט ער אַרײַנוואַרפן עטלעכע ווערטער, אַז ער נייטיקט זיך שטאַרק אין פרישע לופט... גיי ווייס...

**יאָלקע** : נו, נו, דערצייל ווײַטער.

**זרח** : עס איז געשען אָט דאָ בײַם טיש. מיר האָבן פּונקט ווי שטענדיק, אַלע דרײַ געשמועסט, גאַנץ געמיטלעך. ער, האָט ווי

זײַן טבע איז געװען, שטענדיק ליב געהאַט צו פֿילאָזאָפֿירן. אין זײַנע לעצטע עטלעכע זאַצן האָט ער דערציילט, אַז ער פּלאַנירט מיט זײַן משפּחה אַװעקצופֿאָרן קײַן אַמעריקע... װען ער האָט זיך צוגעהערט צו אונדז, דערמאָן איך זיך איצט, איז ער געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אויפֿן טיש און דעם קאָפּ – אין די הענט... איך האָב כּמעט נישט באַמערקט, װי אַזוי ער איז מיטן שטול צוזאַמען, אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד... פּמױל איז געלאָפֿן נאָך אַ דאָקטער... ס׳איז שוין נישט געװען װעמען צו ראַטעװען...

**יאָלקע** : (נאָך אַ לענגערע פּויזע) אפשר איז אַזױ בעסער. זעט אויס, אַז ער האָט לאַנג נישט געליטן; ער האָט זיך לאַנג נישט געמאַטערט און אויך די נאָענטע, די אַרומיקע, פֿאַרשפּאָרט מאַטערן...

**זרח** : איך האָב אָפֿט געטראַכט װעגן זײַן געזונט-צושטאַנד. איך האָב געהאַט אַ פֿאַרדאַכט, אַז ער איז ערנסט קראַנק, נאָר ער קעמפֿט און װיל זיך נישט אונטערגעבן. כ׳האָב געהאַט אַ שלעכטן חלום, מיט עטלעכע טעג צוריק... נישטאָ עפּעס ערגער, װי דער גרויזאַמער... אַ װאָס עס איז איצט װיכטיק. דער שװערסטער קלאַפּ האָט געטראָפֿן דער פֿרוי מיט די קינדער...

**יאָלקע** : װי אַזױ האָט איר זיך אַן עצה געגעבן?

**זרח** : מיט גרויס װײיטיק האָבן מיר אים אַװעקגעטראָגן צו אים אַהיים. מיר האָבן זיך געפֿונען אין אַ שרעקלעכער פֿאַרלעגנהײט...

**יאָלקע** : װעגן װאָס מיינסטו? כ׳האָב נישט אויפֿגעכאַפּט; עפּעס נישט פֿאַרשטאַנען.

**זרח** : מיר האָבן זיי נישט געקענט איבערלאָזן אַליין מיטן מת.

מיר זײַנען דאָרט געבליבן איבערנאַכט, ביז וואַנען ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן.

**יאַלקע**: דאַכט זיך, אַז זיי האָבן דאָ געהאַט משפּחה. כ'געדענק עפּעס. קען זײַן...

**זרח**: יאָ, ס'איז אַזוי. פֿאַרטאָג האָבן מיר צווויסן געגעבן אירע עלטערן. אַלע זײַנען צעטרייסלט און דערשיטערט...

**יאַלקע**: ווען וועט זײַן די לוויה? כ'דאַרף וויסן ווען זיך צו באַפֿרײַען און...

**זרח**: ס'איז שוין נאָך אַלעמען. הײַנט בײַטאָג, האָט מען אים באַערדיקט. נעכטן האָבן מיר זיך גוט דורכגעשמועסט, אַזוי ווי מיר וואָלטן געוואוסט, אַז ס'איז צום לעצטן מאָל.

**יאַלקע**: אַ שאָד אַ גרויסער שאָד, וואָס איך האָב נישט געקענט זײַן מיט דיר; איך באַדויער וואָס כ'האָב נישט געקענט בײַזײַן. שלום איז אויך געווען מײַן פֿרײַנד. כ'האָב אים געקענט מײַן גאַנץ לעבן.

**זרח**: איך האָב אויך געטראַכט דערוועגן. ס'האָט בשום אופֿן נישט געקענט צושטאַנדקומען. פֿאַרפֿאַלן... ער האָט דיר זייער ליב געהאַט. ער האָט זיך שטענדיק געוואונטשן, אַז זײַנע קינדער זאָלן אויסוואַקסן אַזוי ווי דו. "בעסער" – האָט ער געזאָגט, "דאַרף מען נישט".

**יאַלקע**: איך האָב עס געפֿילט. ווען ער פֿלעגט מיר טרעפֿן, האָט ער גערעדט צו מיר... כ'וועל אים לאַנג געדענקען. (פּויזע. ער וויל ענדערן די טעמע.) יאָ נעכטן, נישט לאַנג נאָך דײַן אַוועקגיין, איז אַרײַנגעקומען שרה. זי האָט געוואָלט מיט דיר זיך וועגן עפּעס באַראַטן.

**זרח**: האָט זי געזאָגט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך?

**יאַלקע**: זי וועט דיר אַליין דערציילן... איר זון אין אַמעריקע, האָט עפּעס אַ פּראָבלעם. ער האָט געשריבן וועגן דעם צו שרהן, וויל זי זיך מיט דיר...

**זרח**: אַקוראַט געטראָפן, צו ווענדן זיך צו ווענדן וועגן אַן עצה. דערצו נאָך, וועגן אַ פּראָבלעם מיט אַ קינד... דאָך... ס'קען מעגלעך זײַן, אַז אַ צווייטן איז לײַכטער צו ראַטן, ווי זיך אַליין... מיוועט זען.

**יאַלקע**: טאַטע, לאָז אַלץ אויפן טיש, איך וועל שוין צוראַמען. לייג זיך פריער הײַנט; דו באַדאַרפסט זיך אומבאַדינגט, אויסרוען. מאָרגן, האָף איך, אַז דו וועסט זיך בעסער פילן.

**זרח**: (זיפצט) יאָ, יאָ, איך וועל באַלד גיין. זאָרג נישט, איך וועל זיך צוזאמענעמען .(ער שטעלט זיך אויף. אין דער זעלבער צײַט, עפנט זיך די טיר אָן אַ קלאַפּ און ס'באַווײַזט זיך הערצקע שטיין. זרח גייט אים אַנטקעגן, אַזוי ווי ער זאָל אים וועלן צוריקשטופּן. הערצקע זעט אויס זייער דערשלאָגן)

**הערצקע**: איך וויל בײַ אײַך בעטן אַ געפעליקײַט: לאָזט מיר זיך צוזעצן אויף עטלעכע מינוט... זײַט נישט אַזוי שטרענג, טוט מיר די טובה...

**יאַלקע**: (יאַלקע פאַרשטעלט דעם פאָטער און ווײַזט הערצקען זיך צו זעצן. זרח גייט צום טיש און הויבט אָן אַראָפּצונעמען ס'געפעס ער גייט עטלעכע מאָל הין און צוריק. יאַלקע זעצט זיך אויך.) הער שטיין, זײַט ווייסן, אַז מײַן פאָטער איז ספּעציעל הײַנט, זייער אָנגעשטרענגט און טרויעריק. ער האָט פאַרלאָרן אַ גוטן פרײַנד... כ'מיין צו זאָגן, אַז זײַנס אַ פרײַנד איז געשטאָרבן.

**הערצקע** : אַן עלטערער מענטש?

**יאַלקע** : נישט וויכטיק. זייער אַ נאָענטער פרײַנד; אַ וועבער-אַרבעטער; אַ קלוגער און אַ גוטער מענטש.

**הערצקע** : אַ ייד? ווײַל בײַ מיר אין פאַבריק, זײַנען כּמעט אַלע וועבערס, גויים. פאַרשטייסט וואָס איך מײַן?

**יאַלקע** : הער שטיין, וואָס איז אײַך אַן אונטערשייד. ער איז געווען אַן יידישער וועבער און איך בעט אײַך איבער, לאָזט מײַן פאָטער הײַנט צו רו... איר קענט מיר זאָגן, נאָך וואָס איר זענט אַהערגעקומען, וועל איך אים איבערגעבן. איר קענט זיך אויף מיר פאַרלאָזן.

**הערצקע** : (פּויזע. ער טרייסלט זיך) איך ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי און פון וואַנען אָנצוהייבן. איך בין אויך...

**יאַלקע** : איר זעט אויס צו זײַן קראַנק, אָדער צעשראָקן... מײַן פאָטער איז נישט אַזאַ שלעכטער ווי איר מיינט...

**הערצקע** : ס'פּאַלט מיר גאָרנישט אײַן. זרח אַ שלעכטער? כ'מיין, פּונקט פאַרקערט... איך קען אים נישט פון הײַנט. ער גייט זײַן וועג און טשעפּעט קיינעם נישט...

**יאַלקע** : איר ווילט אפשר אַ טרונק וואַסער?... אויב פילט איר זיך נישט גוט, וועל איך אײַך העלפן אַהיים גיין...

**הערצקע** : אָ ניין, ניין... איך האָב זיך אויך געוואָלט דערוויסן, ע, פאַר... פאַרוואָס דײַן טאַטע איז נישט געקומען צו דער אַרבעט. (זרח, וועלכער שטייט בײַם אָפּגוס קען זיך שוין מער נישט צוריקהאַלטן) מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש... אפשר נישט געזונט, אָדער עפּעס אַנדערש... אַז דער בן

אדם ווייסט נישט וואָס...

**זרח** : (דערנענטערט זיך מיט אַ סצירקע צום געפּעס אין האַנט. יאָלקע גייט צו זײַן שרײַבטיש) וועגן וואָס זאָגט איר, איז הערצקע שטיין אַהערגעקומען? וועגן מיר גאָר... קוקט מיר נאָר גלײַך אין די אויגן... איר זענט זיך אַמאָל נישט טועה?... נישט געגלויבט, אַז נאָך אונדזער לעצטן שמועס, וועט איר האָבן אַזעלכע פאַרשטאָכענע אויגן און אַרײַנקומען אַהער אומגעבעטן! אַזאַ געם...

**הערצקע** : ש... שרײַט נישט אַזוי. איר זענט, קענטיק, צוגעוויינט צום געריש פון די וועבשטולן... דאָ קען מען דאָך רעדן, אויף אַ מענטשלעכן אופן.

**זרח** : (מער אויפגעבראַכט) איך זאָל רעדן מיט אײַך, אויף אַ מענטשלעכן אופן... אַזוי ווי קיין מאָל גאָרנישט!... אײַער גליק, וואָס מײַן זון איז אין דער היים... עס וואָלט אײַך אַזוי גלאַטיק, נישט אָפּגעגילט!

**הערצקע** : איז דאָך טאַקע אַ נס געשען, אַז ער איז יאָ דאָ. זאָל ער זײַן געזונט און שטאַרק... ער האָט אַזאַ פּנים, גוטן שם בײַ אַלעמען; וואו מען גייט לויבט מען אים ביזן הימל... ווי ס'זעט אויס, איז אויף עפּעס רעכטס יעדערער אַ מבין...

**זרח** : (דערנענטערט זיך צו אים בשעת ער רעדט און טאַפּט מיט זײַנע פינגער אָן הערצקעס פּנים.) כ'וואָלט געשוואָרן, אַז איר טראָגט אַ מאַסקע... ניין, ניין, דער זעלבער דבר-אחר. נישט צו באַנעמען די דיבורים. די זיסע רייד...

**הערצקע** : רעגט זיך נישט אויף. ס'לוינט נישט...

**זרח** : (רעדט מיט אים צוזאַמען) פאַרוואָס, פאַרוואָס לאָזט

**הערצקע**: (ברעכט זיך אײַן) איך "בלאָגע" אײַך... הערט מיך פּריער אויס און דערנאָך... דאָס איז געווען איר איינפאַל, אַז איך זאָל גיין צו אײַך. זי האָט זייער גערן יאָלקען... מײַן פֿרוי ריפּאַרשטײַט?... זי קען נישט צוקוקן, ווי אונדזער איינציק קינד לײַדט. זי גייט אײַן; זי ווערט דאַרער פֿון טאָג צו טאָג און וויינט און שרײַט אין שלאָף... איר זענט דאָך אויך אַ פּאָטער... איצט כאַפּט איר זיך שוין נאָך וואָס איך בין אַהערגעקומען?...

**זרח**: עס איז נישט קײַן אונטערשייד ווײַל עס ענדערט נישט די לאַגע. איך קען אײַך במילא נישט העלפֿן, אין קיינשום פֿאַל. איך קען אײַך בלויז דערמאָנען, אַז לײַדן לײַדט יעדערער פֿאַר זיך אַליין; כ'מיין – יעדערער באַזונדער. איר זענט טאַקע אַ סוחר, נישט אַבי ווער און איך, מילא איר ווייסט דאָך, אַ פּשוטער בשר-ודם. שטעלט אײַך פֿאָר, אַז אַזוי ווי איר האָט געעפֿנט די טיר, האָב איך זיך משער געווען, אַז איר זענט צו מיר נישט געקומען וועגן אַן עצה; אָדער נאָך אַן הלוואה...

**הערצקע**: חלילה, איך נאָך אַן הלוואה? פּונקט פֿאַרקערט... פּונקט פֿאַרקערט... איך האָב אַ סך געלט... איך בין גרייט צו העלפֿן... דאָס איז טאַקע די הויפּט זאַך. איך וויל אַנטקעגנקומען, מײַן פּרויס לעצטע באַגערן... (פּויזע) זי פֿאַרלאַנגט פֿון מיר, אַז איך זאָל די קינדער, כ'מיין אײַער זון מיט אונדזער טאָכטער, נישט שטערן זייער גליק; לאָזן זיי פֿרײַ... כ'האָב מאַרקירט, אַהער און אַהין, און... איך וויל איר נאָכגעבן...

**זרח**: (אין דער ריכטונג צו דער טיר) יאָלקע, איך גיי. (צו הערצקען) איך האָב אין דעם פֿאַל, גאָרנישט וואָס צו זאָגן. איך פֿאַרלאָז זיך אויף מײַן זון און דער עיקר אויף זײַן יושר!

**הערצקע :** (לויפט אים נאָך) נײַן, נײַן, זרח... דערבאַרעמט זיך... בלײַבט נאָך עטלעכע מינוט... איך בעט אײַך... איך געפֿין זיך אין אַן עת צרה... (נעמט אַרויס פֿון דער בוזעם קעשענע אַ קאָנווערט) דאָס האָט מײַן פֿרוי געשיקט פֿאַר אײַך... נעמט עס... עס איז אַ ירושה פֿון אירע עלטערן... זי האָט עס געהאַט באַהאַלטן פֿאַר יעטען... און איצט... האָט זי מיר דערקלערט, אַז "ס'איז שוין צײַט צו העלפֿן עמעצן אַנדערש", האָט זי געזאָגט...

**יאַלקע :** (זרח קערט זיך אָפּ מיט עקל, און טוט אַ שפּײַ אין אַ זײַט) וואָס? געלט? מיט געלט ווילט איר פֿאַרווישן אַלע אײַערע מיאוסע האַנדלונגען קעגן מײַן פֿאָטער? איר האָט אַלע יאָרן געוואוסט, ווי דערשלאָגן מײַן פֿאָטער איז געווען; ווי שטאַרק ער האָט זיך גענייטיקט אין אַ גוט וואָרט. אַנשטאָט צו העלפֿן, האָט איר אונדז דערנידעריקט!!!...

**הערצקע :** איך האָב חרטה; איך וויל פֿאַרבעסערן, נאָר די צרה איז, אַז איך ווייס נישט ווי אַזוי... איך קען אײַך בשום אופֿן נישט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס איר זאָגט זיך אָפּ פֿונם געלט, וואָס מײַן פֿרוי האָט פֿאַר אײַך געשיקט. איר האָט דאָך קיין מאָל נישט פֿאַרזוכט, דעם טעם פֿון אַ לײַכטער לעבן... אַגב, האָט איר מיר נישט איין מאָל געזאָגט, אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען איך וועל זיך דאַרפֿן בײַ אײַך אײַנבעטן... בעט איך זיך בײַ אײַך, זײַט נישט אײַנגעשפּאַרט און נעמט ס'געלט...

**יאַלקע :** איר קענט טראַכטן וואָס איר ווילט. מיר דאַרפֿן נישט אײַער געלט. ס'איז אַרויסגעוואָרפֿענע רייד. איך האָב אײַך פֿריער געזאָגט, אַז מײַן פֿאָטער איז אָנגעווייטיקט און איך דאַרף שטודירן...

**הערצקע :** הער, יאַלקע, דו ביסט יונג און פֿאַרשטייסט נאָך נישט דאָס לעבן. אפֿשר ווייסטו נישט דערפֿון, אַז דײַן פֿאָטער

איז גרייט קלאָזעטן צו ראַמען, אַבי דו זאָלסט זיך קענען לערנען... אויב ביסטו אַ גוטער זון, דאַרפסטו צורעדן דעם טאַטן, אַז ער זאָל זיך פאַרלײַכטערן... ער האָט שוין גענוג געאַרבעט אין שטויב און אין קעלט. (צו זרחן, װעלכער שטייט בײַם שרײַבטישל און קוקט אַרײַן אין עפּעס) זרח, גייט אַרײַן אין מײַן לאַגע און לאָמיר זיך צו עפּעס דעררעדן... (גייט צו צו זרחן) ווי איך זע קען מײַן טאָכטער נישט לעבן אָן אַ מער זון, איז זאָל שוין זײַן... נעמט דאָס געלט, עס ווערט אײַך צוניץ קומען...

**זרח** : (טוט אים אַ שטויס צוריק) הערט אויף! נישט וואַגן זאָלט איר נאָך איין וואָרט דערמאָנען וועגן געלט! אַ סוף זאָל עס נעמען! איך וויל אײַך מער נישט אויסהערן! גייט, גייט צו אײַערע סוחרים; צו אײַערס גלײַכן... מיט מײַן זון און מיט מיר, ווערט איר קײַן געשעפטן נישט מאַכן. דערמאָנט אײַך איין קלייניקײַט: צוליב אײַער רײַכטום, האָט איר אונדז דערנידעריקט און איצט ווילט איר אויף דעם זעלבן אופן, צונעמען אונדזער פרײַהײַט!...

**הערצקע** : פאַרגעסט נישט, אַז מײַן פרוי ליגט אויפן טויטן בעט... דערבאַרעמט זיך; לאָזט מיר טאָן אַ מיצווה, אפשר ווערט אַ נס געשען, אַז מײַן פרוי זאָל געזונט ווערן און אונדזערע קינדער זאָלן לעבן גליקלעך...

**זרח** : איך בין נישט נעכטן געבוירן געוואָרן און אַלץ קען אין לעבן פּאַסירן, נאָר איר, הער הערצקע זײַט זיך טועה... אַז מען וואַרפט צו אַ הונט אַביינדל – געשעען נישט קײַן ניסים. אין דעם בין איך זיכער...

**הערצקע** : (טוט אַ וואָרף דעם קאָנווערט אויפן טיש) איך קען עס צוריק אַהיים נישט ברענגען. טוט דערמיט וואָס איר ווילט; פון מײַנטוועגן, זאָל עס זײַן פאַר די קינדער אַ דרשה-געשאַנק...

יאָלקע זײַ וויסן, אַז מײַן קינד קען חלילה אײַנגיין. זי וויינט און קלאָגט און "סטראַשעט", אַז זי וועט אַוועקפאָרן און זי וועט גיין דינען, אַזוי ווי אונדזער דינסט גרונע. זײַ שושקען זיך כּסדר; איך וויז איר אויף, אַז גרונע איז נישט אירס גלײַכן...

**יאָלקע** : און פאַרוואָס נישט? אַ דינסט איז, ווײַזט אויס, בײַ אײַך נישט קײן מענטש. עס איז נידעריק אַזוי צו טראַכטן...

**הערצקע** : גלויב מיר, יאָלקע, אַז איך ווייס נישט וואָס איך רעד; כ'בין שוין חסר-דעה. איך מיין גוט... דאָס בעסטע פאַר אַן אייגן קינד... יעטע איז יונג פאַרשטייט זי נישט, אַז עלטערן האָבן די בעסטע כּוונות... וואָס איז נאָך נאָענטער, ווי אייגן בלוט און פלייש...

**יאָלקע** : איך קען אײַך דווקא יאָ פאַרשטיין. מײַן מוטער האָט מיר געלערנט, אַז מען דאַרף זיך באַמיען – צו פאַרשטיין דעם צווייטן. אײַך הער שטיין, פאַרשטיי איך אויסגעצייכנט, נאָר העלפן אײַך קען איך נישט. וואָס מער איר וועט שטופּן אײַערע געלטער, אײַערע אוצרות, אַלץ בייזער וועט איר מיר מאַכן, און אַלץ ערגער וועט איר אויסשפּילן.

**זרח** : מײַן זון איז גערעכט. איר דאַרפט וויסן, אַז מיר זײַנען שוין געפּרוּווטע; פאַרהאַרטעוועטע פון אייגענעם גורל. גייט אַהיים און גיט בעסער אַכטונג אויף אײַער פרוי. מעגלעך, אַז דער גורל האָט זיך אויך אַ שפּיל געטאָן – מיט הערצקע שטיין... איצט גייט און האָפט, אַז אײַער פרוי וועט געזונט ווערן, נאָר נעמט זיך גוט אַרײַן אין זינען, אַז די קינדער מוזט איר לאָזן צו רו... די צײַט וועט ב׳מילא טאָן ס׳אירעקע און מיט אײַער געלט, אויב עס איז אײַערס, קענט איר טאָן דערמיט, וואָס אײַער האַרץ גלוסט; פון מײַנטוועגן קענט איר עס פאַרברענען... עס איז נישט לײַכט צו זײַן אָרעם, אָבער אײַער געלט לאָקט מיך נישט...

**יאָלקע** : מײַן טאַטע איז אַ ווירדיקער מענטש. ער ווייס וואָס און ווען און דער עיקר, וואו זײַן פּלאַץ איז.

**הערצקע** : מײַן גאָט! איך גלויב נישט אַליין מײַנע אויערן... יעטעס רייד מיט יאָלקעס קול; יאָלקעס רייד מיט יעטעס קול... אפשר זענט איר דער באַשערטער זיווג... איז זאָל שוין זײַן מיט מזל... זײַ גוט צו מײַן טאָכטער, יאָלקע...

**יאָלקע** : איך דאַרף נישט און וועל אײַך גאָרנישט צוזאָגן. אַ צוזאָג איז בײַ מיר אַ סך מער ווי געלט...

**זרח** : (נעמט סיגעלט פון טיש און גיט עס הערצקען) נעמט עס זיך און געגאַנגען... זײַט צופרידן, אַז פאַר אײַער נידערטרעכטיקײַט, האָבן מיר אײַך נישט אָפּגעצאָלט מיטן זעלבן... די נאָוויטשעס האָבן זייער טראַדיציע.

**יאָלקע** : ס'איז אײַך נישטאָ וואָס מקנא צו זײַן. איר מעגט פאַרמאָגן גאָלד און זילבער... איך בין צופרידן צו זײַן אַ נאָוויטש!!!!

**הערצקע** : (לייגט אַרײַן דעם קאָנווערט אין קעשענע און מאַכט אַ טריט צו דער טיר) נישט געריכט זיך, אויף אַזאַ פּאַטש אין פּנים!... (זיי בלײַבן אַלע פאַרגליווערט, ווען יעטע, עפנט ברייט אויף די טיר. אין דער פּאָזיציע קומט פאָר אַ שטומע סצענע מיט אַן עכאָ פון יעדן איינעמס אַ וואָגיק וואָרט באַגלייט פון ליכט עפעקטן, ביז די ליכט גײַט לאַנגזאַם אויס.)

סוף.